ד י י ו ו י ד : (שמייכלענדיק)

נו, איך וועל צאָלן.

ד ז ש אָ ש : (כמעט וויינענדיק)

יע, מיט מיינע געלט.

נאָר שפּעטער, אַז עס ווערט געשעפּט דערליידיקט,
און דייוויד קושט דעם זיידנס געלע האַנט —
איז שוין דער אַלטער גלייכגילטיק צום געלט,
און הויבט זיך אויף דעם אייניקל באַגלייטן.
ער שפּאַרט זיך אָן אָן דייווידס שטאַרקן אָרעם,
דאָס אַלט־צוקנייטשטע פּנים ווערט באַלעבט,
און ס'איז אים שאַד דאָס יינגל גייט אַוועק,
ער האַלט זיך אָן די לאַצן פֿון זיין בגד,
און טרייסלט מיט אַ פֿינגער אין זיין פּנים
און רעדט האַלב־ערנסט און האַלב־שטיפֿעריש,
און קוקט צו דזשייקאָב איז ניטאָ אַרום —
ער זאָל אָקאָרשט ניט פֿאַלן פֿאַר אַ שיקסל.
ס'הייסט אייגנטלעך, איז אים די וויוויאַן
אַזוי פּונקט טייער ווי אַן אייגן קינד —
נאָר איינע אין משפּחה איז גענוג, גענוג...
און דייוויד לאַכט און גליטשט זיך קוים אַרויס
פֿון זיידנס אַלטע ביינערדיקע הענט.

ד

## דער טאָג

עך, די ליכטיקע און וואונדערבאַרע טעג,
פֿון אונדזער רייכן, גאָלדיק־זאַטן הערבסט!
ס'איז אייגנטלעך קיין הערבסט ניט, נאָר אַ זומער,
אַ צווייטער זומער, ליכטיק, גאָלדיק, רויט,

געמישט מיט טיפֿן גרין, און בראַנז, און קופּער,
און ווערמילאָן, און טיפֿן בלוי פֿון הימל. —

עס שטייען טעג ווי פֿולע ליכטיקע חלומות
אין אומגעהויער זעט, און וואַרעמקייט, און שפֿע:
די ערד האָט זיך צעליגט און אָפּגעלאָזט פֿאַרצערטלט,
אַ מידע פֿון איר זעטיק־שווערן איבערפֿלוס,
און שלאָגט פֿון זיך מיט היץ, און שטראָמט פֿון זיך
מיט רייפֿער פֿולער פֿוילקייט, ווי אַ זאַטע מאַמע
וואָס האָט נאָר וואָס דעם קינד געגעבן זויגן;
דאָס קינד איז זאַט, האָט אָפּגענויגט דאָס קעפּל,
און ס׳טריפֿן נאָך מיט מילך די פֿולע ברוסטן. —

עס ווייען פֿולע וואַרעמלעכע ווינטן,
עס גייט די קלאָרע שטראָמענדיקע לופֿט
ווי אַלטער קלאָרער שמעקעדיקער וויין,
מיט יעדן שטראָם דערקומען נייע ריחות,
און שפּאַרן אָן צו די געהירן, און פֿאַרשכּורן. —

נאָר פֿולער פֿון דעם טאָג איז דער פֿרימאָרגן —
ווען פֿון דער בלויער ווייכער פֿינצטערניש
שווימט פֿייערדיק אַרויס די ראָד פֿון זון,
און אַלץ באַקומט אַ נישט־רעאַלן אויסזען,
אַן אויסזען פֿון אַ נישט־געזעענער וועלט,
מיט אומבאַקאַנטע לופֿטיקע קאָלירן,
און מאָדנע, ביז־היינט נישט־דערבליקטע פֿאָרמען —

צוערשט שווימען אַרויס די גרויע בוימער —
און פּלוצים ווערן זייערע קעפּ פֿאַרפֿלאַמט,
און ס׳גליטשט דער פֿלאַם אַראָפּ זיך נידעריקער,
און ס׳ברענט אַ בוים — קאָלירן קאַרנאַוואַל, —
מיט זיינע רויטע צונטערדיקע בלעטער,
מיט זיינע געלבע בלעטער, מיט די זאַפֿטיקע
נאָך טיפֿע גרינע בלעטער, אַלץ באַהויכט
מיט זילבער־גרויען הויך פֿון טוי פֿון נאַכט.

דער טוי צערינט, צעפּליסט, ווערט אויסגעוועפּט,
און ס׳ברענט דער בוים פּילפּאַרביק, ריין און קלאָר.

דערנאָך קומט צו דאָס ליכט צום בלויען גרונט —
און, גרויסער גאָט, וואָס פאַר אַ וואונדער פאַרן אויג;
געוויקלטע קעפּ קרויט פאַרפלאָכטן האַרט
און זאַפּטיק־פריש און שווער און שטייף און פייכט.
און לאַנגע שוואַרצלעך־גרינע קאַווענעס
מיט געלע לאַנגע פלעקן אויף די בייכער
פאַרוויקלטע אין נעצן געלע בלעטער.
און אומגעהויער שווערע רויטע פּאָמידאָרן
וואָס האָבן זייער פלאַנץ אַראָפּגעצויגן
און ליגן אויף דער ערד מיט זייער מאַמען,
און שפּאַלטן זיך פון איבערפלוס און זאַפט.
און איבעראַל די שפּע פון די טרויבן
וואָס שיטן זיך אַראָפּ פון אַלע פּלויטן
אין שווערע איבערפליסיקע געדיכטע הייגלעך,
באַהויכט מיט גרויען טוי, מאַסיוו און שווער.
עס דראַפּען זיך די פיבערן פון ווייַן
און קריכן איבעראַל, און פילן אָן די לופט
מיט זייער טערפּקן, זיסן, הייסן ריח.
און פייגל, פייגל, פייגל — אומעטום,
מיט רויטע ברוסטן און מיט בלויע פליגל,
מיט שוואַרצע פיסלעך און מיט רויטע פיסלעך,
און איטלעך זינגט אַן אַנדערן געזאַנג
און פלוידערט און פאַרגייט זיך אויף זיין שטייגער.

אַ מענטש קען אָפּלעבן זיין וועלט — פאַרנומען,
פאַרטראָגן און פאַרשלעפּט מיט זיינע דאגות,
מיט זיינע טעגלעכע פאַרשקלאָפטע אַרבעטן —
און קיינמאָל גאָר די וואונדער ניט באַמערקן.
נאָר ס׳טרעפט אַמאָל, דער זעלבער מענטש דערזעט
דאָס אַלץ פון נייעם ווינקל — דאָס געוויינלעכע
ווערט פּלוצים ניי און פריש און אומגעוויינלעך,
אַן אומבאַקאַנטע וועלט. דאָס אויג ווערט לויטער,

ער זעט אַזוינס וואָס ער האָט נישט געזען ביז דאַן —
און ס׳בלייבט דער מענטש פאַרגאַפט, באַרוישט, דערציטערט.

אין יענעם טאָג האָט אויך דער אַלטער דזשאַש
אַ שפּראָץ אויף טאָג זיך אויפגעהויבן, ווי זיין שטייגער,
געמורמלט אויף דער אַלטער שוואַרצער דינסט,
למאי דער פרישטיק האָט קיין טעם און ריח,
פונקט ווי געוויינלעך. האָט פאַררויכט זיין ליולקע
און האָט זיך שטיל אַרויסגעשלייכט אין גאָרטן;
דאָס אַלץ געביין האָט זיך געדרייט אין דרייען,
מיט אָנשטריינגונג אַראָפּגעקרעכצט די טרעפּ,
האָט אָפּגעכאַפּט מיט שוועריקייט דעם אָטעם,
אַראָפּגעזעצט זיך אין דעם אַלטן וויגשטול,
האָט אויפגעהויבן די פאַרגלאָצטע אויגן —
און פּלוצים איז געשען מיט אים דער וואונדער:

עס איז געווען, ווי ס׳וואָלט אַ דיקע הויט
זיך אָפּגעשיילט פון אַלטנס אויגן, און זיין בליק
איז קלאָר און שאַרף און ליכטיק־העל געוואָרן;
און זיינע אויערן וואָס זיינען שווער געווען,
זיי האָבן פּלוצים אָנגעהויבן לעבן,
געציטערט און וויברירט אין דינער לופט:
עס האָט געפלאָסן שטראָם נאָך שטראָם פון לופט,
און יעדער שטראָם מיט זיין באַזונדער אַראָמאַט,
אָט גייט דער ריח פון געבענטשטן וויין,
אָט פליסט דער דופט פון קילע ווינטער־עפּל,
אָט יאָגט אים נאָך די זיסע קילע מענטע,
עס ווייט דער ביטערלעכער שאַרפער ריח
פון צוגעטריקנטן פאַרגעלבטן טאַבאַק.

דעם אַלטנס נאָזפליגל האָבן געצוקט,
און גיריק נאָכגעשפּירט די שטראָמען לופט.
די אויגן האָבן זעריש אַריינגעזאַפּט
דעם גרויסן שטח פון אַרום: איז אַלץ
געשטאַנען אָפן, ברייט און ווייט און אָפּגעדעקט

מיט איטלעך שטיינדל, גרעזל, קוסט און בלום,
מיט איטלעך פּרענזל פון די נאָנטע פאַרהאַנגלעך
אויף ראָזע פענצטער. ס'איז געווען וואונדערלעך,
ווי ס'האָט קאָליר זיך אויסגעמישט מיט קלאַנג,
אין איין האַרמאָנישן און קלאָרן אויסגוס.

דעם אַלטן איז געוואָרן גוט, האָט ניט געטראַכט,
האָט בלויז געפילט אוממיטלבאַר, ספּאָנטאַן,
און ס'האַרץ האָט פיבעריש און שנעל געקלאַפּט,
ווי ביי פאַרליבטער יוגנט, האָט זיך אָפּגעלאָזט,
און אָפּגעגעבן זיך אין גאַנצן צום געפיל.
האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צום סאַמע גרונט
פון דעם געפיל, און האָט דערשפּירט דאָס גליק
און ליידנשאַפטלעך גרויסן צער פון אויפלייזונג —
און גליקזעליק פאַרמאַכט די מידע אויגן.

פון איצט איז דאָס ממשותדיקע לעבן
געוואָרן נישט רעאַל און פרעמד, ניט נויטיק.
דער שוואַרצער האָט אים שטיל געוועקט פון שלאָף,
אַז די מאַשין שטייט גרייט אין פּלאַץ צו פאָרן —
האָט ער אים אָפּגעטריבן מיט דער האַנט,
און ווידער באַלד זיך אָפּגעגעבן צום געפיל.
...דאָרט ערגעץ אין דער טומלדיקער שטאָט
איז דאָ דאָס הויז וואָס ער האָט אויסגעבויט,
און סחורה, קונדן, וועקסלען, געלט... צו וואָס?...
ער האָט אַזש אויפגעדריקט די אַלטע פּלייצעס.
און דאָ איז גוט, און פאַר די אַלטע אויגן
האָט בלענדנדיק געשיינט אַ גרויסע זון;
ער האָט געזען פאַר זיך באַקאַנטע פּנימער,
נאָר ווייטע, פרעמדע, ווי פון ווייטע וועלטן.
געשפּירט, ער ווערט געטראָגן אין דער לופט,
ווי איבער טיפע ווייטע אָפּגרונטן:
ווי דורך אַ וואָנט זיינען צון אים דערגאַנגען
באַקאַנטע אָבער דאָך פאַרפרעמדטע שטימען.
די צייט האָט זיך געשטעלט, ס'איז ראָז געווען —

אַ טיפֿער חלל מיט אַ גרויסן דיסק
פֿון אַ פֿאַנטאַסטיש גרויסער רויטער זון.
און אין דעם גרויסן רויטן דיסק, איז עמיץ
געגאַנגען מיט אַ פּאַק אויף זיינע פּלייצעס —
געגאַנגען און געגאַנגען און געגאַנגען.
האָט ער זיך אָנגעשטרענגט מיט אַלע כוחות, —
האָט ער זיך ברייט און גליקזעליק צעשמייכלט,
און אַזש אַ מאַך געטאָן די געלע האַנט.
די ראָזקייט איז געשטאַנען — און אין קאָפּ
זיינען געשוואומען זעאונגען און בילדער
און אָנגענומען וואונדערבאַרע פֿאָרמען.
עס האָבן זיך געפּלאָנטערט שטיקלעך תּהילים
און אָפּגעריסענע געדאַנקען און געפֿילן
אָן אָנהויב און אָן סוף — און ס'איז ניט אָפּגעשטאַנען
אַ קינדער־לידל, וואָס די קליינע מיידלעך זינגען,
וואָס האָט זיך אומבאַוואוסטזיניק פֿאַרקריצט
אין אַלטנס מוח מיטן וואָרט און נגון:
„פֿאַרוויג מיך צום שלאָף אין מיין אַלט־קענטאָקי היים,
„און דעק מיך צו מיט דיקסיס בלויען הימל”. . .

.1921—1922

## א

אין זכות פון דריי זאַכן שטייט קענטאָקי:
אויף פרויען, פערד און בראָנפן —
און דזשאַן וואָלט מיט זיין בלוט דעם כּלל פאַרטיידיקט.
דען דזשאַן איז יונג געווען און הויך און שטאַרק
אַ זעקספוסיקער ריז מיט מוסקולן ווי שטריק,
מיט בלויע שטראַלנדיקע קינדערישע אויגן.
זיין פנים אייביק ברוין־פאַרברוינט און לאַכעדיק,
דאָס ברוינע האָר פון קאָפּ געלאָקט וואוּיליונגעריש.
און לאַכט זיך דזשאַני הויך פאַרנאַנדער אויפן קול
אין אַ חברותא גוטע יונגען אינם שיינק —
דאַן הויבן זיך די פולע גלעזלעך אויף די טישלעך,
באַוועגן זיך און ציטערן און קלינגען,
און ס׳טרייסלט זיך דעם שיינקערס שווערער בויך.

דען דזשאַני, דאַרפט איר וויסן, ציט זיין יחוס
ביז העט די ערשטע דורות פיאָנירן
ווען ס׳איז קענטאָקי נאָך געווען איין גרויסער וואַלד,
געפלאָנטערט און געצווייגט משׁשת ימי בראשית —
ווי גאָט האָט זי פון האַנט אַרויסגעלאָזט.
און דזשאַניס זיידעס האָבן אין די ווילדע בערג
די ערשטע שטעגלעך אויסגעלייגט מיט האַק און זעג
און תמיד מיטן ביקס געלאָדן נאָנט ביים האַנט
כדי עס זאָלן די רויטהויטיקע טייוואָלים
ניט איבערראַשן זיי; פאַרעקשנט האָבן זיי
געקעמפט פאַר זייער סקאַלפּ מיט ווייב און קינד.
און דזשאַניס באָבעס האָבן וואויל געוואוסט
ווי אומצוגיין מיט ביקס, צוגלייך מיט זייערע מענער,
צו שיסן ווילדע ענטלעך, ענדיקעס און האָזן:

צו שפּרייטן נעצן פֿאַרן גאָלדיק־רויטן פֿוקס,
דעם שוואַרצן טכויר און ברוינלעך ווייכן מינק.

קיין וואונדער ניט, אַז דזשאָן טראָגט אין זיין בלוט
דעם פֿייערבּרען פֿון אומגעצאַמטע קרעפֿטן,
די פֿלינקייט און דעם שפּרונג פֿוןווילדן הירש,
דאָס אויג פֿון אָדלער, און די האַנט פֿון אייזן.
די צייט האָט בלויז פֿון דזשאָניס פּנים אָפּגעווישט
אַ צוויי דריי שטריכן פֿון די עלטער זיידעס:
די אייביקע עקשנות פֿונם קאַמף,
די אייביקע פֿאַרביטערטקייט פֿון שטרענגן אויג
און די פֿאַרשלאָסענע צונויפֿגעפּרעסטע ליפּן.
און דזשאָניס אויגן לויכטן קלאָר און זיכער
אויף לאַכן בלאָענדיק; און דזשאָניס ליפּן
זיי צוקן תּמיד אין אַ גוטמוטיקן שמייכל
אַנטפּלעקנדיק אַ מויל מיט פֿרישע ווייסע ציין.

דערפֿאַר איז אויך זיין בלוט געווען אומרואיק:
שוין נאָך אַלס קינד אין די קענטאָקער בערג
האָט דזשאָן דעם וואַלד געלייענט ווי אַ בוך.
געגראָבן מאַי־עפּל אין פֿריען פֿרילינג
און דזשינסענג וואָרצל וואָס קוקט אויס ווי אינגבער;
אַרויסגערויכערט בינען פֿון די בוימער
און טעפּ מיט האָניק אין דער היים געבראַכט.
געוואוסט אין וועלכן פּלאַץ אויף וועלכע בוימער
עס קומען נעכטיקן די ווילדע אינדיקעס.
און ווען ער פֿלעגט פֿאַרשווינדן פֿון דעם קעבין
אויף לאַנגע טעג, זיך לאָזנדיק נאָך רויב,
האָט ער געוואוסט שוין וואו צו קריגן אייער
און וואו אַ ווילדע הון, און וואו צו פֿאַנגען פֿיש.
און שפּעטער, ווען דער שניי פֿלעגט אין די בערג
אַראָפּגלידערן שטיל און צוטרוילעך און זיס,
און צודעקן דעם גרונט ווי מיט אַ ווייסן לײַלעך —
פֿלעגט דזשאָני לייענען אין שניי אַ נייעם בלאַט:
ער האָט געוואוסט אַ יעדן שפּור און טראָט

פון פוקס, פון טכויר, פון ווילדן ראָץ און האָז.
און מיט דעם פיינעם, שאַרפן חוש פון בלוטהונט
פלעגט ער שוין מיט דער נאָז די חיהלעך דערשמעקן
און וויסן ווי אַזוי די נעצן צו באַהאַלטן.
און אָוונטצייט פלעגט דזשאַני אָנקומען אַהיים,
אָן אָנגעלאָדענער מיט רויב, און אָנברייינגען אין שטוב
דעם גרינעם וואַלד־געשמאַק און דופט פון שניי
געמישט מיט בלוט פון אָפּגעצויגענע פעלכלעך.

עס האָט ניט לאַנג גענומען, און דער יונג
איז אויסגעוואַקסן הויך און קרעפטיק ווי אַ בוים.
האָט אויסגעפונען אין די בערג אַ ברייזל
וואו ס׳ווערט דער ווייסער „לבנה־שיין" געטריבן.
און זאָגן מוז מען זאָגן: אַז ער האָט געמאַכט
די שעריפס כשר צו פאַרדינען זייער ברויט.
ווייל קיין פאַרבאָרגענעס פאַר דזשאַנין איז אין וואַלד ניטאָ
און לערנען האָט ער זיך געלערנט פונם פוקס און טכויר —
און ס׳ברייזל איז אַזוי געווען באַהאַלטן,
פאַרשטעקט וואו ערגעץ אין אַ פעלז, אַזוי
נאַטירלעך צוגעדעקט מיט בוימלעך און מיט גראָז,
אַז ס׳וואָלט געפּאָדערט זיך אָן אויג ווי דזשאַניס
דאָס צו אַנטפּלעקן: דערצו האָט מען באַדאַרפט
נאָך האָבן דזשאַניס מוט און פעסטע האַנט,
און קאָנען צילן מיט דער ביקס אַזוי ווי דזשאַני.
און גייט, איך בעט אייך, מיט געזונטן קאָפּ
אין קראַנקן בעט. דען דזשאַני האָט געקאָנט
אַליין, הינטער אַ בוים, זיך אָפּווערן פון צען,
און אויסרינען פונצווישן זייערע פינגער.
אַזוי האָט דזשאַניס רום פאַרשפּרייט זיך ברייט און ווייט
און פון קענטאָקי ביז די בערג פון טענעסי
האָט מיט דעם יונג געקלונגען. און אַז דער יונג
פלעגט פון די בערג אַראָפּנידערן אין שטאָט
מיט לאַנגע האָר און לאַכעדיקע אויגן
איז דזשאַני שוין באַטראַכט געווען אַלס העלד.
ניט ווילנדיק פלעגט מען פאַר דזשאַנין מאַכן וועג,

און טרעפֿט ער זיך מיט אַ באַקאַנטן שעריף
פֿאַרנויגט ער זיך פֿאַר אים און ציט דעם הוט,
און שמייכלט פֿיפֿיק מיט איין בלויעם אויג.
און מיידלעך קוקן נאָך דעם דזשאָן פֿאַרגנבהט
און רויטלען זיך געגלעט פֿון בלויעם פֿייער.

אַזוי האָט זיך געצויגן דזשאָניס לעבן —
פֿון באַרג אין שטאָט, פֿון שטאָט אין ברייזל,
פֿון ברייזל אין די שוואַרצע שטורמדיקע נעכט
באַלאָדן מיט „לבנה־שיין" נאָך טענעסי
וואו דזשאָני האָט געהאַט שוין זיינע קונדן.
ניט איינמאָל איז דעם יונג שוין אויסגעקומען
צו טראָגן זיין נשמה אין די הענט;
ס'האָט ניט איין קויל מיט מיאוסן געפֿייף
פֿאַרביי דזשאָנס אויערן זיך דורכגעטראָגן;
און ס'טראָגט זיין לייב די גוטע טרייע שפּורן
פֿון יענע נעכט, ווען ער האָט ווי דער ווינט
געטראָגן זיך, ווי צוגעוואַקסן צו זיין פֿערד.
נאָר האָט מען יאָרן — לאַכט מען אויס פֿון אַלעם.
און דזשאָני האָט געלאַכט, ווי ס'לאַכט אַ מענטש
אין וועמען ס'שטראָמט אַ קוואַל פֿון רויטן לעבן
וואָס שטורעמט ברויזנדיק און קאָכט און זידט.
און ווען ער פֿלעגט צוריקקומען אין שטאָט
ניט וויסנדיק אַליין קיין חשבון פֿון זיין געלט —
פֿלעגט דזשאָני זיך באַרואיקן בלויז דאַן
ווען ער האָט זיך אין גאַנצן אויסגעליידיקט.
ווייל געלט ביי דזשאָנין איז געווען ביליק —
ער האָט געוואוסט וואו נייע צו באַקומען.
און פֿלעגט אים טרעפֿן ווען זיך איינרייסן,
אַ שטייגער, מאַכן אַ געשלעג אין שיינק
און אָפּשלאָגן אַ נעגער רוק און לענד —
פֿלעגט מען שוין דזשאָנין אָפּפֿירן אין קאָורט.
דער דזשאָדזש, אַ קלוגער דורכגעמאַכטער אַלטער,
מיט יונגע גרויע אויגן הינטער ברילן,
באַטראַכט אים שמייכלענדיק, און הייסט געלאָסן

אַ בעט צו מאַכן פֿאַרן יונג אויף זיבן טעג.
די גוטע ברידער פֿלעגן יעדן טאָג
אים קומען צו באַזוך, און אָנברייִנגען מיט זיך
די פֿיינע פלאַטשיקע און רויטע פלעשלעך,
און קעשענעס מיט סיגאַרעטלעך און מיט פּירות.
און דזשאַני שלאָפֿט זיך טאַקע אויס געהעריק
און כראָפּעט אין דער נאָרע ווי דער בער אין וואַלד.
נעמט צו געוויכט, און נאָך די זיבן טעג —
צוריק צום ברייזל אין די ווילדע בערג.

ב

נאָר דזשאַנין האָט גענומען ציען מער צום שטאָט:
ס׳האָט אים פֿאַרשמעקט דער טומל און הו־האָ.
דער קינעמאַטאָגראַף האָט אים פֿאַרכשופֿט
און ווי אַ קינד וואָס שטייט פֿאַר אַ טשיקאַווע שפּילצייג
אַזוי איז ער פֿאַרגאַפֿט געזעסן פֿאַרן לייַלעך.
דערצו איז אָנגעקומען אים זיין צייט פֿון ליבע:
אודאי פֿלעגט דזשאַן אומבלאָנדזשען אין גאַס
מיט אויגן ברייט צעעפֿנטע, באַרוישט,
פֿאַרשכורט פֿון די הייסע פֿרויען בליקן,
מיט קלאַפּעדיקן האַרץ, פֿאַרשטיקטן אָטעם.
דאָס שאַרכען פֿון אַ פֿרויען־קלייד האָט אים צענומען
די היפֿטן פֿון די איינג־געשנורטע קליידער,
די שלאַנקע פֿיין געשניצטע פֿיס אין זיידנס
זיי האָבן אין זיין בלוט געצונדן פֿייערן.
איז דזשאַן געוואָרן היימיש אין דעם טאַנץ־זאַל,
ביז ס׳האָט קיין טאַנץ אָן אים זיך ניט געבונדן.
די מיידלעך האָבן זיך צו אים געקלעפּט
ווי בינען אַרום האָניק; ס׳איז געווען
אַ גלאָרי־רייכע צייט פֿאַר אונדזער דזשאַן.
דער מעשענער טראָמפּייט האָט אים געשפּילט צום טאַקט,
און ס׳האָט דער פּויק געקלאַפּט צום ריטם פֿון זיין בלוט
ווייל קיינער איז זיינס גלייכן ניט געווען,

און קיינער ניט געשיקט אַזוי ווי ער
אין די באַרימטע בויגעוודיקע נעגער־טענץ,
דעם פֿיינעם בויך־טאַנץ, און דעם הוטשי־קוטשי טאַנץ.
עס האָט געפּלאַמט די ערד אונטער די פֿיס
און מיידלעך האָבן ווי מלאכים זיך געהוידעט,
און דזשאַניס האַרץ און בלוט געבריט מיט הייסע
מיט שוואַרצע, ברוינע, בלויע פֿייערלעך.

און דזשאַן איז פֿון דעם אַלץ געווען באַטרונקען
ער האָט מיט יעדן נערוו און טראָפּן בלוט
אַריינגעזאַפּט דעם רויטן שטראָם פֿון לעבן.
ער האָט זיך אָפּגעגעבן זיינע טעג צום רויש
און זיינע נעכט צו ליבע. ס׳האָט געדאַכט
דער יונג גייט ווי אויף פֿליגל, טרעט עלאַסטיש,
די ברייטע ברוסט פֿאָראויס, דער קאָפּ פֿאַרוואָרפֿן
די קורצע רויכנדיקע ליולקע אין דעם ווינקל מויל,
און בולט צייכענען זיך אַרויס די שטאַרקע גלידער
פֿון בלויען העמד און ברוינע סאַמעט־הויזן.

אַז רויזן האָבן דערנער איז אַן אַלטער כּלל,
און דזשאַני האָט דעם כּלל געלערנט אויף זיין פֿעל.
ניט איינמאָל האָט מען דזשאַנין איבערראַשט
אין אָפּגעלייגטע געסלעך פֿון דער שטאָט,
מיט שטעקענער, מיט פֿרענטלעך אייזן, און מיט שטיינער
אין קורץ, מיט וואָס נאָר ס׳לאָזט אַ ביין זיך ברעכן
און אים באַארבעט ווי ס׳געהער צו זיין.
ניט איינמאָל האָט דער אַמבולאַנס פֿאַר אים געקלונגען,
און דזשאַני האָט געמאָגט צו בענטשן גומל
וואָס ער האָט אָפּגעשניטן מיטן לעבן.
דאָס האָבן מאַנען און חתנים־ליבהאָבער
דעם דזשאַן געגעבן אָנצוהערעניש:
ער זאָל אין פֿרעמדע גערטענער ניט קריכן.
אַ וואָך צי צוויי פֿלעגט דזשאַן אַרומגיין אויסגעפּוצט
מיט רויטע ביילן ווי די אייער אונטערן אויג,
צי מיט אַ שוואַרצן שלייף אַרום זיין האַלדז,

אין וועלכן ס׳האָט זיין האַנט זיך אויסגערוט.
נאָר דזשאָן האָט די יסורים אָנגענומען ליב,
און האָט אויף זיי קיין שנאה ניט געטראָגן.
ס׳איז אַלץ געווען אַ חלק פֿונם שפּיל:
דען גייסטו נעמען האָניק ביי דער בין,
טאָ נעם פֿאַר אומגוט ניט איר בייזן שטאָך.

און נאָך איין ליידנשאַפֿט האָט דזשאָן געהאַט
וואָס האָט אפֿשר די אַנדערע איבערוואויגן: פֿערד.
דען ניט אומזיסט נעמט זיך קענטאָקי איבער
מיט אירע וואונדערבאַרע שטאַרקע פֿערד.
דאָס בלויע גראָז אין אירע ברייטע פֿלאַכן
איז ווייך און שמעקעדיק און שפּריצט מיט זאַפֿט.
דאָס וואַסער פֿליסט אין קאַלטע קלאָרע שטראָמען —
קיין וואונדער אַז דאָס פֿערד געדייט און שפּילט און טאַנצט.
דערצו ווערט עס געוואַשן און געבאַרשטן,
געקעמט און אָפּגעהיט ווי ס׳אויג אין קאָפּ,
אין שוואַרצע און אין בלאָנדע צעפּ דער עק פֿאַרפֿלאָכטן.
און פֿירט מען אים פֿון שטאַל אַרויס צום לופֿטערן
דאָן וויגט די ערד זיך אונטער זיינע פֿיס.
איז ניט צו הויך און ניט צו קליין, די ברוסט איז ברייט,
דער בויך איז שמאָל, דער קאָפּ איז ליינגלעך קליין,
די פֿייכטע אויגן גרויס און ברוין און קלוג
און ס׳ציטערן נערוועז די פֿיינע אויערן,
די פֿיס געטאָקט און דין און מוסקולדיק
און ווי אַ שפּיגל גלאַנצט אויף אים די פֿעל,
אין וועלכער ס׳טאַנצט ווי לעבעדיק אַ יעדער נערוו.

ג

אַזוי אַרום פֿון טאַנצזאַל צו דער שטאַל
האָט דזשאָן געלעבט זיין שטורמדיקן לעבן.
צו קליין געווען דער טאָג, די נאַכט צו קורץ —
ער האָט געלעבט — און גאָר. ער ווייס אַליין ניט
ווי נאָך עס איז דערצו געקומען, וואָס ער איז

מיט מאַרגאַרעט געוואָרן נענטער, היימישער,
ווי מיט די אַלע איבעריקע מיידלעך.
און מאַרגאַרעט איז טאַקע געווען שיין:
איז שלאַנק און בלאָנד, מיט רונדע ווייכע גלידער
מיט גרויע מילדע שטיפערישע אויגן
פון אונטער גאָלדיק גלאַנצענדיקע ברעמען.
און אַז זי גייט אַרויס מיט אים אין גאַס
אין די געשנורטע רויטע הויכע שטיוועלעך
אויף וועלכע ס'פאַלט דער זוים פון ווייסן קלייד,
מיט בלויע שלייפלעך אַרום דינעם האַלדז
און מיט דעם ברייטן ווייסן שטרוי־הוט אויפן קעפל
פון וועלכן ס'ראַנגלען זיך אַרויס אַ צוויי־דריי לאָקן —
פלעגט דזשאָנען איבערגיין דאָס האַרץ פון גדולה,
און מענער פלעגן טאַקע אומדרייען די קעפ
און נאָכקוקן דער קליינער מאַרגאַרעט
וואָס וויגט זיך קעציש־בויגיק און גראַציעז
ביים זייט פון הויכן ברייטן דזשאָן.

און מאַרגאַרעט האָט וואויל געליבט דעם דזשאָן
מיט יעדן גליד פון צאַרטן בויגעוודיקן קערפער.
דער יונג האָט אין איר האַרצן זיך פאַרקליבן
און איר משפחה האָט אים ניט געקענט,
מיט בייטשן און מיט פויסטן ניט געקענט,
פון דאָרט אַרויסיאָגן. דער אמת איז,
אַז די משפחה איז געווען גערעכט:
יאָ, אמת, ס'איז דער דזשאָן אַ פיינער יונג,
אַ יונג אַ ברען, וואָס טויג זיך אויס צו אַלעס —
וואָס העלפט עס אָבער, אַז ער איז אַ מזיק,
וואָס האָט צו טאָן מיט פיל נאָר ווייבער ס'איז פאַראַן,
און וועט שוין מיט זיין טויט ניט ענדיקן;
היינט איז ער דאָ, און מאָרגן איז ער דאָרט,
און זיי אַ בריה, כאַפּ דעם ווינט אין פעלד.
די קליינע ברידערלעך האָבן אויף דעם
געזונגען לאַנגע טעג אַ פיין געזאַנג,
וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט די ווערטער:

„דזשאַני דאָ און דזשאַני דאָרט,
דזשאַן איז דאָ אין יעדן אָרט".
נאָר טענה היינט, און טענה מאָרגן, אַז די מויד
וויל גאָר ניט הערן און געדיינקען — און דאָס גאָר.
זיי האָבן אַזוי לאַנג און ברייט געטענהט
ביז ס'האָט זיך זיי דער עסק צוגעגעסן,
זיך אויסגעשפּיגן, מיט דער האַנט אָוועקגעמאַכט,
זאָל זיך די מויד איר אייגן קאָפּ פֿאַרדרייען —
קיין גוטס דערפֿון וועט נישט אַרויסקומען.

און מאָרגאַרעט האָט אויסגעפֿירט דאָס איריקע:
זי האָט דעם דזשאַן מיט מזל און מיט גליק
געפֿירט אין קירך אַריין. ס'איז שווער אַפֿילו
דער עסק צוגעגאַנגען, ווייל דזשאַני האָט
געפֿילט זיך גאָר ניט היימלעך אין דער קירך,
פֿלעגט קיינמאָל ניט אַריינשמעקן אַהין,
און האָט געוווייכט פֿון דאָרטן, ווי אַ שטייגער
עס וויכט דער טייוול פֿון דעם ווייראיך ריח.
נאָר דאָס מאָל האָבן אים קיין קונצן ניט געהאָלפֿן.
און אויף צופּוקעניש פֿון אַלע ווייבער
וואָס האָבן אַלע אַרבעטן געוואָרפֿן
און אָנקוקן געקומען דאָס שיין פּאָרל —
איז דזשאַני גראָד געקומען צו דער צייט,
דעם פּסוק אָפּגעזאָגט ווי ס'דאַרף צו זיין,
און האָט אַהיים געפֿירט דער מאַרגאַרעט —
אַ פֿיינער יונגער און שטאַטקאָווּנער באַלעבאָס.

דאָ פֿאָדערט זיך צו זיין גערעכט צו דזשאָנען,
און זאָגן, אַז ער איז אַ גוטער מאַן.
ווייל אייגנטלעך איז ער בטבע גוט,
און מאַרגאַרעט איז אים געטריי און גינציק.
דער יונג האָט אויפֿגעגעבן זיינע בערג
און אַרבעט היינט מיט לייטן גלייך צופֿרידן.
קיין דאגות פֿון פּרנסה איז ניטאָ,
אויף זייער אויסקומען איז דאָ בשפֿע:

דאָס שטיבל זייערס שטייט אויסערן שטאָט
און טונקט זיך זומער אין אַ ים פֿון גרינסן,
וואָס נאָר אַ באַלעבאַטישקייט דאַרף האָבן.
די קו גיט מילך, די הינער גיבן אייער,
און קוילעט מען דעם חזיר — גיט ער פֿלייש.
און כאַפּט זיך דזשאַן באַגינען אויף פֿון שלאָף
איז מאַרגאַרעט פֿון לאַנג שוין אויף די פֿיס:
דער טיש איז גרייט, די קאַווע מורמלט פֿונם קאַן
און צופּט ביים נאָז, די הייסע „ביסקוויטס״ שמעקן.
און מאַרגאַרעט, אַרומגעכאַפּט פֿון ווייסן שירץ,
ראַמט צו דאָס הויז, צי פּאַדיעט אום אין הויף
און גיט די בהמות און געפֿליגל עסן.
און קומט דזשאַן אָוונטצייט צוריק אַהיים
איז ציכטיק, ריין אין אַלע ווינקעלעך.
דאָס עסן שמעקט, און מאַרגאַרעט איז אויסגעפּוצט,
און תּמיד מיט אַ גוטען ליבן שמייכל.
יאָ, אמת, ס׳טרעפֿט דער יונג ווערט אָפּט פֿאַרפֿאַלן
פֿאַרשוואונדן אויף אַ גאַנצער נאַכט, ניטאָ אים,
באַווייזט זיך ערשט צוריק אַ שפּראָץ אויף טאָג,
און אָפּטמאָל קומט ער מיט צעריסענע מלבושים,
צעביילט, צעקיילט, אַ צער אויף אים צו קוקן.
נו וואָס איז דאָ צו טאָן? זי וואַשט אים אָפּ
און העלפֿט אים אויסטאָן זיך, און לייגט אים שלאָפֿן.
און שפּעטער, ווען ער שלאָפֿט שוין איין באַרואיקט
און שמייכלט קינדיש אין געזונטן שלאָף,
קאָן זי אַליין ניט איינהאַלטן אַ שמייכל:
נו טאָקע, קען מען זיין אויף אים ברוגז?
ס׳וועט גאָר ניט העלפֿן, צי זי וויל צי ניט,
אַז דזשאַני מוז „זיין שלעכטע זריעה זייען״.
נאָך אַלעמען, איז דזשאַן אין גאַנצן אירער,
ער וועט זיך דורכלויפֿן, זיך דורכשפּילן — און גאָר.
היינט וואָס נאָך מאַכן פֿון איר היים אַ גיהנום?

און מאַרגאַרעט האָט געבוירן אַ זון,
און מען האָט גערופֿן זיין נאָמען דזשאַן,

## דזשאַן דער אינגערער.

אַז ס׳האָט דער קליינער דזשאַן געגומען וואַקסן
און ברייטער אויפֿגעפּראַלט די בלויע אויגן;
און פּאַטשט מיט זיינע ווייכע קליינע הענטלעך,
און לאַכט אויף אַלע חן־גריבלעך פֿון פּנים —
איז דזשאַן געוואָרן מער אַ היים־זיצער,
און אָנגעהויבן צו פֿאַרשווינדן זעלטענער.
די גוטע ברידער פֿלעגן טאַקע חוזקן,
באַדויערן וואָס פֿון אַ מאַן ווי דזשאַן קאָן ווערן,
און דזשאַן פֿלעגט שמייכלען מיט אַ שולדיק שמייכל —
נאָר וואָס האָט ער געקאָנט זיך העלפֿן?
אַז מאַרגאַרעט איז ליב און זיס — און בליט.
און דזשאַן דער אינגערער ער וואַקסט און לאַכט
און אַז ער קומט פֿאַרנאַכטלעך אין דער היים
איז ציט אים שוין זיין האַרץ אין ערגעץ ניט.
אין קורצן, דזשאַן איז גאָר אַן אַנדער מענטש,
און די משפּחה איז געקומען צום באַשלוס:
אַז מאַרגאַרעט האָט גאָר ניט שלעכט געטאָן,
וואָס זי האָט פֿאַרן יונג זיך ניט געשראָקן.
און אירע ברידער קלאַפּן אים אין פּלייצע,
און קומען אָפֿטער מיטן דזשאַן פֿאַרברייגען.
מען זיצט געמיטלעך אויפֿן ברייטן גאַניק
אין ראָז קאָלירטע וואַרימע פֿאַרנאַכטן,
מען וויצלט זיך, און מען דערציילט זיך נייעס,
און ס׳שליינגעלט זיך געדיכט דער בלויער רויך
און ציט זיך פֿון די שמעקעדיקע ליולקעס.

ד

ס׳איז אין קענטאָקי דאָ אַן אַלטער מנהג:
סוף זומער, ווען די פֿעלדער ווערן אָפּגעשניטן,
און בוימער בויגן זיך אונטער דער לאַסט
פֿון שווערע זאַפֿטיקע און רייפֿע פֿרוכטן —

ווערט אין דער צירקל שטאָט געמאַכט אַ יום־טוב.
עס ווערן אויף אַ לאַנקע אויסן שטאָט
די לייוונטענע ביידלעך אויפֿגעצויגן
וואו ס׳ווערן אויסגעשטעלט אויף מענטשנס וואונדער
דאָס גוטס און שפֿע פֿונם וואַלד און פֿעלד:
די פֿיינסטע פּירות פֿון די פֿרוכטבוימער,
די פֿיינסטע גרינסן פֿון די גערטענער,
די פֿיינסטע האַנטאַרבעט אין וואָל און לייוונט,
וואָס פֿרויען האָבן אין די לאַנגע ווינטערנעכט,
אין שטורעמנעכט ביים לאָמפּ פֿון קעראָסין
אין אַ פֿאַרוואָרפֿן ווינקל אין די בערג געשטיקט.
די שענסטע מעלקעדיקע ברייטע קי,
די פֿעטסטע שפּילעוודיקע שאָף און קעלבער —
און איבער אַלץ די אומרואיקע יונגע פֿערד.
פֿון איין ברעג פֿון קענטאַקי ביז צום אַנדערן
פֿאַרזאַמלט זיך דאָס פֿאָלק צום גרויסן יום־טוב.
דאָס גרויסע פֿעלד איז יום־טובדיק געפּאַקט,
עס שמעקט מיט בלומען, עפּל, און מיט ערד,
מיט ריחות פֿון דער שטאַל און גרינעם טאַבאַק.
און איבער אַלעס הייגט אַ בלויער הימל,
אַ זאַטער, רואיקער, סוף־זומערדיקער הימל,
און ס׳טראָגן זיך די קלאַנגען פֿון אָרקעסטער.
אַזוי ווערט יעדן יאָר געפֿייערט יום־טוב
אויף גאַנצע לאַנגע ליכטנדיקע זיבן טעג.

האָט איר געזען, דעם יערנטלעכן מאַרק
אין איינער פֿון די פֿיינע דרום שטעט?
דער מאַרק איז פֿול, און דאָס געדריינג איז גרויס.
די וועגן איבערפֿולט מיט גוטס פֿון פֿעלד,
מיט גרינס וואָס שמעקט און ליכט מיט פֿרישקייט,
מיט עפּל, באַרן, פֿלוימען, רויטן קאַווען
מיט גרויסע שווערע דורכזיכטיקע קערנער.
עס מעקען שאָף, חזירים כריוקען,
עס הירזשען פֿערד, און אייזלען טאָפּטשען,
עס קרייען הענער, און עס שרייען גענדז.

די בערגלייט קומען צום יריד אַראָפּ
מיט שוואַרצע און מיט געלע שטעכעדיקע בערד
אויף רויטע, ברוינע זון־פֿאַרברענטע פּנימער,
און מיט קאָלירטע טיכער אַרום האַלדז.
אַ בלינדער בעטלער שפּילט אַ וויינענדיקס,
און קליינע נעגער־קינדער דרייען זיך אין טענץ
און וויגן פֿלינק, געשיקט, די שוואַרצע גלידער,
און בלינצלען ערנסט מיט די אויגן־ווייסלעך
ווי שמאַנט פֿון שוואַרצע ערדן־קריג אַרויס.
און שפּעטער, ווען די זון פֿאַרגייט פֿאַרפֿלאַמט,
און גראַמער ווערט דאָס פֿעלד און שפּילט אין רויטן —
וואַקסט פּלוצים אויס וואו אויף אַ פֿלאַכן וואָגן
אַ שוואַרצער גלח, און פֿאַרציט אַ נגון,
און ס'קלייבט אַרום דעם גלח זיך אַ רעדל.
דער נעגער טרייסלט זיך און וואַרפֿט זיך אין עקסטאַז
און קלאַפּט אין פּעטן בויך און אויף די ברוסטן,
די ציינער בלאַנקען און די אויגן גלאָצן,
און אַלע כאַפּן אונטער זיין געזאַנג,
אַ הייליק ליד אַ גוט באַקאַנטס פֿון קירך —
און ס'שפּילט די רויטע שטאַרבנדיקע זון
אויף פּנימער געקאַרבט פֿון קופּער און טשוגון.

און אַז דער יום־טוב איז אין שטאָט געקומען
האָט דזשאַן געוואָרפֿן אַלע אַרבעטן.
ס'נעמט מאַרגאַרעט מיט זיך אַ פּעקל עסן,
און דזשאַן דער אינגערער פֿאַרפּוצט אין ווייסן,
דאָס פּנימל פֿאַרפֿלאַמט, מיט גרויסע אויגן,
פּאַטשט מיט די הענט און זינגט און פּלוידערט הויך,
ווען דזשאַני טראָגט אים דורכן גרויסן עולם.
די פּויקן קלאַפּן און דאָס מעש קלינגט צו,
און ס'הויבן אונטער דזשאַנין זיך די פֿיס.

און דזשאַני לאָזט זיך קאָסטן מיט אַ ברייטער האַנט,
ער לאָזט ניט דורך קיין שפּיל, קיין איינציקביידל,
ער דרייט זיך מיטן קליינעם דזשאַן אַרום

אויף די געשניצטע פֿערדלעך פֿון דעם קאַרוסעל,
און אויף די הויכע פֿליענדיקע וויגן ;
און פֿליט אין קליינעם שווינדלדיקן באַנדל,
וואָס לאָזט זיך פֿון אַ הויכן באַרג אַרונטער.
און קומט דער אָוונט — ווערט דער קליינער דזשאַן
באַלאָדן מיט אַ שלל פֿון פֿרישע שפּילצייג :
מיט רויטע, בלויע, גרינע לופֿטבאַלונען,
מיט שאָכטלעך צוקערוואַרג און קוישלעך פֿרוכטן,
מיט פּייקלעך, און מיט פּייפֿלעך, און מיט פֿערדלעך.

האָט איין טאָג זיך געמאַכט אַזאַ געשיכטע :
דער קליינער דזשאַן, פֿון אָנשטרענגונג און היץ,
פֿון צופֿיל זיסקייט און פֿון דרייעניש,
האָט אָנגעהויבן זיך צו פֿילן שלעכט :
די בעקלעך האָבן זיך צעברענט פֿון היץ,
דאָס גאָלדן קעפּל האָט זיך אָנמעכטיק געוויגט,
די קלאָרע אויגן האָבן זיך פֿאַרצויגן
און ס'האָבן זיי די שפּילצייג ניט געפֿרייט.
ס'איז שווער געווען פֿאַר מאַרגאַרעט צו גיין אַהיים
און לאָזן אַזאַ גרויסן טאָג אין מיטן —
נאָר וואָס זשע העלפֿט עס, אַז דאָס קינד איז קראַנק,
האָט דזשאַני איר אַריינגעזעצט אין קאַר, —
און איז אַליין געבליבן מיט דעם יום־טוב.

אין פֿולן גאַנג זיינען געווען די „רייסעס" ;
אין גרויסןברייטן צירקל אויסגעשאָטן
מיט געלן בלאַנקענדיקן זאַמד, געלעגן איז
דער רונדער רינג אַ ליכטיקער, אַ זוניקער.
עס שטייען אומגעדולדיק זעקס צי זיבן פֿערד,
און שלאָגן אומרואיק מיט זייערע קלאָען,
און ציטערן נערוועז מיט אַלע גלידער.
אַ שטריק איז אָנגעצויגן אין דער ברייט פֿון וועג
און גרייכט ביז צו די נעזער פֿון די פֿערד,
נאָר אָט דערלאַנגט אַ פּאָן אַ פּלאַטער —
און ס'פֿאַלט די שטריק אַרונטער צו דער ערד.

איין רגע ציען זיך די פֿערד נערוועז צוריק,
נאָר אין דעמזעלבן אויגנבליק אַ שטופּ פֿאָראויס,
אַ שטרעק זיך אויס מיט אַלע שטייפֿע גלידער
און ס׳פֿליט און שווינדט דער ברייטער וועג אַהינטער.
אָט פֿליען זיי צוזאַמען ווי צונויפֿגעקנוילט,
און ברוסט צו ברוסט, און קאָפּ צו קאָפּ ווי אומבאַוועגלעך,
נאָר אָט הויבט איין פֿערד אָן אַרויסצושווימען,
נאָך אים אַ צווייטער, און דעם רייטערס קאָפּ און גוף
איז אויסגעשטרעקט און אָנגעלענט צום ווייטן פֿערד.
דער עולם אויף די רייען ביינק פֿון דער „קאַסינאָ״
הויבט אָן זיך אויסטשוכען פֿון טויטן שווייגן,
דער אָטעם קומט צוריק, געזיכטער פֿלאַמען,
די ווייסע טיכלעך פֿאָכן איבער קעפּ
און ס׳הויבט זיך אויף אַ גרויסער פֿלאַמיקער געשריי.
און דזשאַני, דוכט זיך, שטייט ניט אויף זיין פּלאַץ,
נאָר שוועבט דאָרט אויף דעם פֿליענדיקן פֿערד
מיט פֿייערדיקע אויגן און צעשפּרייטע הענט —
און ברענט אינאיינעם מיטן גרויסן עולם.

דערווייל האָט זיך די זון געזעצט אין מערב:
דאָס גרינע פֿעלד איז אָפּגעטונקט אין רויטן,
און רויט זיינען די ווייסע לייוונט־ביידלעך
און גרינע שפּיצן פֿון די ווייטע ביימער.
דאָס גראָז ווערט טונקעלער, געדיכטער, בלויער,
עס לאַכן מיידלעך הילכיק אויפֿן קול
און יונגען פֿלייסן זיך און שטיפֿן זינגענדיק.
ס׳איז די „קאַסינאָ״ איינגעטונקט אין ליכט,
און ס׳הילכט און קלינגט דער מעשענער אָרקעסטער.
דער טאַנצזאַל איז געפּאַקט מיט יונגע פּאָרלעך —
און דזשאַן האָט ערשט באַוויזן וואָס ער קען.
די מיידלעך האָבן זיך ביי אים געביטן,
צעפֿלאַמט און מיד פֿון טאַנץ אַרויסגעפֿאַלן
נאָר ער, ווי קיינמאָל גאָרנישט, גייט זיין טאַנץ
פֿאַרשכורט אין דעם שוועבענדיקן עולם.
די אויגן האַלב־פֿאַרמאַכט, דאָס מויל געשלאָסן,

און אויף זיין ברוסט אַ נאָכגעביקער קערפּער
וואָס טוליעט זיך צו אים געהאָרכזאַם ציטערדיק.

און אַז ער איז צולעצט אַרויס פֿון טאַנצזאַל,
דאָס מיידל מיד, שוועראָטעמדיק ביים זייט,
איז שוין געוועזן גרויסע נאַכט אין פֿעלד.
עס האָט די פֿרישע קילע נאַכט אַרומגעכאַפּט
דיווייכע שוואַרצע שמעקעדיקע ערד.
עס האָבן ווייסע שאָטנס זיך געשלייכט אין פֿעלד
און פֿאַרלעך האָבן זיך געשטרעקט אין גראָז,
און מיידלעך האָבן זיך פֿאַרשטילט געטוליעט
צו שוואַרצע שאָטנס אינם ווייכן גראָז.
און דזשאָני ווייס אַליין ניט, ווי אַזוי
ער האָט פֿאַרבלאָנדזשעט אין דעם ווייסן פֿעלד,
און ווייאָלעט מיט אים, אין שוואַרצער נאַכט.

און אייגנטלעך האָט דזשאָני ניט געמיינט קיין שלעכטס:
די שוואַרצע זומערנאַכט האָט אים פֿאַרכאַפּט,
האָט אים פֿאַרבלענדט און מיט איר לוסט באַרוישט.
די שמעקעדיקע ערד, וואָס יורט מיט זאַפֿטן
האָט אים זיין שטורעמדיקן בלוט פֿאַרצונדן.
דאָס מיידל, ווייאָלעט — אַט קינד, אַט פֿרוי
אין אירע פֿופֿצן יאָרן יונגן לעבן
האָט זיך צו'ן אים געשטרעקט מיט פֿרישע ליפּן
און אים געברענט מיט גליענדיקע אויגן.
אַ קינד פֿון דרום־לאַנד, איז פֿרי געוועזן רייף
דאָס הייסע בלוט, די קליינע שטייפֿע ברוסטן.
און דזשאָן האָט אויף זיין האַלדז דערשפּירט איר אָטעם,
דערשפּירט דעם ווייכן ציטערדיקן צאַפּל
פֿון אירע פֿרישע שמעקעדיקע גלידער,
און האָט אין פּלאַם געדריקט די קליינע ווייאָלעט
אין זיינע מוסקולדיקע שטאַרקע אָרעמס.
און ס'האָבן גרילן אין דער נאַכט געקלאַפּט,
און פֿרעש האָבן געזונגען פֿון די זומפּן:
און ס'האָט אַ שוואַרצער ברענענדיקער הימל

ה

געבויגן זיך אַריבער דעם קענטאָקי־פֿעלד.
נאָר מאָרגנס, ווען ס׳איז דזשאָן געגאַנגען אַרבעטן
האָט אים דער טויט באַגעגנט.
דעם מיידלס פֿאָטער
האָט זיך ביים וועג פֿאַרשטעקט צווישן בוימלעך,
אים אָפּגעוואַרט און מיט דער אַלטער ביקס
פֿינף קוילן בליי אין אים אַריינגעיאָגט.
און איידער ער האָט צייט געהאַט צו זאָגן „דזשיזוס״
איז שוין דער יונג געלעגן אויף דער ערד,
ווי ס׳ליגט אַיונגער שטאַרקער דעמבנבוים
געטראָפֿן פֿון דעם שווערן בייזן דונער.
פֿאַר זיין נאָך ניט פֿאַרגלייזטן בליק האָבן געשוואומען
די שפּיצן בוימער אויף די זייטן וועג,
און שטיקער בלויע פֿליסנדיקע הימלען;
און ס׳איז די גרויסע קיילעכדיקע זון,
וואָס האָט זיך ערשט פֿון מזרח־זייט פֿאַרנומען,
געלעגן רויט פֿאַר אים אין גרינעם גראָז.
און אין זיין אויער האָבן אָפּגעהילכט אַ ווייל
די קלאַנגען פֿון אַ וויטן דומפּן דונער.

...און ווען ער איז געלעגן אין דער טרונע
אַ ריינער, אַ געלייטערטער אין בעסטן קלייד,
די בלאָנדע האָר געלאָקט אין גרויסע רינגען,
דאָס פּנים ווייך און בלאָס ווי שלאָפֿנדיק
האָט מאַרגאַרעט זיך אַליין צו אים געבויגן —
אַ יונגע און אַ בלאַסע און אַ בויגזאַמע —
געגלעט די גלאַנצענדיקע ווייכע האָר,
דעם בלאַסן שטערן, און געשעפּטשעט שטיל,
פֿאַר שעהן לאַנג געשעפּטשעט אין זיין אויער:
„מיין העלד, מיין קינד, מיין אָרעם קינד, מיין מלאך,
שלאָף רויִק, שלאָף אין יונגן קבר דיינעם,
דער יונגער דזשאָן וועט אויסוואַקסן ווי דו,
און וועט פֿאַר דיין פֿאַרגאָסן בלוט ניט שווייגן.

מיין העלד, מיין קינד, מיין זיסער מאַן, מיין מלאך״.
און דזשאַן דער אינגערער האָט זיך געטוליעט
געקוקט דערשראָקן אויפֿן בלאַסן טאַטן,
וואָס איז געלעגן שטיל און ווי געשמייכלט.

און ס׳האָט אַ הייסע זון אַריינגעקוקט אין צימער,
און פֿויגל האָבן אינם סאָד געזונגען.
עס האָט געשמעקט מיט פֿרישע רייפֿע בלומען,
מיט פֿרישן טאָג און פֿעלד און ווײַרוך־ריח.

א

## אַ גרינער קומט

אַ גרינער אַז ער ווערט אַהער מגולגל
און קומט דאָ צו אַ פֿעטער אָדער ברודער —
איז לאָזט מען אים צוערשט זיך אויסרוען.
דאָס קעסל זודיק וואַסער זינגט און שפּריצט,
עס שמעקט מיט הייסער זאַפֿרען־חלה אין דער קיך,
און היימישן געווירצטן געלן לעקעך.
דער שוחט האָט גאַנץ פֿרי געשחטן עופֿות,
און ס'פּרעגלען זיך די לעבערלעך אין גריוון.
די באַלעבאָסטע ברייגגט צום טיש פֿון אַלדאָס גוטס:
די אייגענע געשטעלטע מעד און וויינען,
און כל־המינים איינגעמאַכטס פֿון קעלער.
דעם קליינוואַרג קען מען שוין פֿון שטוב ניט אָפּיאָגן,
מען שטעקט די פֿינגער אין דעם איינגעמאַכטס,
מען קנייפּט אין לעקעך און מען טונקט אין בראַנפֿן.
מען לויפֿט אויף שליחותן — און טוז צוריק,
און אויגעלעך גלאַנצן גיריק ווי ביי וועלפֿלעך.
און נאָך דער שווערער פֿעטער סעודה, רויכערט מען
די פֿיינע גראָבע שמעקעדיקע ציגאַרן.
עס קרעכצן שווער די וויגשטולן אין צימער,
די לופֿט איז הייס און שלעפֿערט, און דער רויך
קרויזט אום און וויקלט זיך אַרום די פּנימער
פֿון זיידעס און פֿון באָבעס אויף די ווענט.

זיך אויסגעשלאָפֿן, אָפּגענומען גרוסן,
פֿון אייגענע, פֿון פֿרעמדע, פֿון דער גאָרער וועלט —
פֿירט אום דער באַלעבאָס דעם אורח,
באַווייזן אים ווי מענטשן לעבן אויף דער וועלט.

צוערשט באַווייזט ער אים זיין אייגן נחלה,
זיין הויז און שטאַל און פֿיינע קו און הינער.
דערציילט אים בהרחבה, ווי אַזוי
ער האָט זיך אויף דער וועלט אַרויפֿגעאַרבעט.
דער אורח שלינגט אַראָפּ טשיקאַווע ווערטער:
ווי „מאַרגיידזש, באָוט, און דזשאַנק און סעקאָנדהענד״.
ער גאַפֿט, און מאַכט אַן אָנשטעל אַז ער ווייסט
און פֿינטלט מיט רחמנותדיקע אויגן
און פֿירט פֿאַרנאַנדער הילפֿלאָז מיט די הענט,
וואָס שטעקן פֿון די נייע ׳סעקאָנדהענד״ אַרויס.
דערנאָכדעם פֿירט מען אים אין ברייטער גאַס,
מען שטעלט זיך אָפּ ביי איטלעך שוי־פֿענצטער,
און מען באַקוקט געגנוי די פֿיינע זאַכן.
דערזעט דער פֿעטער אַ באַקאַנטן גוי
צעגייט ער אין אַ ליבן, זיסן שמייכל,
און וויטעוועט אין ענגליש זיך מיט אים.
דער גרינער שטייט פֿאַרגאַפֿט און קוקט אין מויל
און שלינגט אַ דורשטיקער אַ יעדעס וואָרט.
באַגעגנט ער אַן אויטאָמאָביל אויפֿן וועג —
באַווייזט ער בקיאות אויפֿן שטעל, רופֿט אָן
דעם נאָמען און דעם מקח פֿון דעם פֿליער
ווי ס׳וואָלט דער גרינער זיך געקליבן קויפֿן;
ער פּאַטשט דעם גרינעם גרויסמוטיק אין פּלייצע:
נישקשה, וועסט זיך אויסגרינען, וועסט קענען.

און אויפֿן דריטן טאָג פֿון אורחס קומען,
נאָכדעם ווי ער האָט אויסגעלערנט זיך
ביז גאַנצע הונדערט ציילן אויף די פֿינגער —
פֿאַרמאַכט מען זיך מיט אים אין שטילן צימער.
מען זאָגט צו׳ן אים: סעי, דזשעק צי דזשאָו,
ס׳איז צייט אַ קלער צו געבן פֿון אַ תּכלית.
און דזשעק, צי דזשאָו, שפּיצט אָן די אויערן,
און נעמט אַריין אין זיך אַ שלל מיט צרות
וואָס פֿעטער, אָדער ברודער, איז זיך אויסגעשטאַנען.
אַ מעשה ווי מען האָט געשווילט פֿאַר הונגער,

און ווי מען איז געגאַנגען מיטן פּאַק,
און ווי מען האָט געאַקערט מיט דער נאָז די ערד.
און דזשעק, צי דזשאָו, זיצט אַ פֿאַרשולדיקטער:
אין האַנט היינגט ווי פֿאַריתומט דער ציגאַר,
די ליפּן קאַרטשען זיך אין אַ פֿאַרלוירן שמייכל.

אויף מאָרגן פֿירט מען אים אין אַ געוועלב:
מען מאַכט אַ גרויסן פּאַק און לאַנגן צעטל,
פֿון ליילעכער און טישטיכער און האַנטיכער,
פֿון ווייבערקליידער, האַרנאַדלען און קעמלעך,
קאָלירטע פּאַטשערקעס און גראָבע ברילן.
מען לערנט אויס דעם גרינעם די מקחים,
ווי אויפֿצופּאַקן פֿלינק און ווי פֿאַרפּאַקן,
מען ווינטשט אים צו מיט מזל און מיט גליק
און מיטן רעכטן פֿוס. מען זאָגט אַזוי:
בישקשה, עס וועט זיין אָל־רייט, ווי דען?
דערזעסט אַ טיר — קלאַפּ אָן, מ'עט עפֿענען —
דו זיי נאָר ניט קיין גרינער — און פֿאַרקויף.
נו, נו, וועסט זיך שוין אויסלערנען די תורה,
אַ מענטש איז ניט קיין בער — נו גיי געזונט.
אַזוי אָ לאָזט זיך דזשעק, צי דזשאָו, אַוועק,
זיין שווערע נייע ביזנעס אויפֿן קאַרק,
אַריבער וועג און שטעג פֿון גרויס־קענטאָקי.

ב

## געשעפֿט

די אַלטע וועגן לויפֿן ברייט און ווייט,
און ווייט איז פֿון איין פֿאַרם ביז דער צווייטער —
גייט יאָסל אָדער דזשאָו געדרייט אין דרייען.
דער פּאַק איז שווער, איז דוכט אים, ווי אַ באַרג,
איז אויף זיין רוקן אויסגעוואַקסן, און ער דריקט.
אין זומער ברענט די היץ און בראָט אים לעבעדיק,

און ברענט אין אים מיט אָנגעגליטע שפּיזלען.
אין ווינטער שטעכט דער פֿראָסט און שניידט דער ווינט,
עס שמייסט דער קאַלטער שניי און בלענדט די אויגן.
דערזען אַ טיר — איז קלאַפּט ער אָן, מען עפֿנט,
נאָר גיי טו מסחר — אַז קיין לשון איז ניטאָ, —
דערפֿאַר רעדט שטום־לשון דער גרויסער צער,
דער עלנט פֿון די אָנגעטרערטע אויגן,
דער שווערער קנייטש אַרום די בלאַסע ליפּן,
דער יאָמער פֿון די רויטע אָנגעשוואָלענע הענט.
איז פֿאַלט ער אין דער פֿאַרם מיטאָגצייט אַריין
ווען ס׳זיצט דאָס הויזגעזינט אַרום דעם טיש
פֿאַרטאָן אין חזיר־פֿלייש און ברוינע בולבעס —
פֿאַרבעט מען יאָסלען עסן צונ׳ם טיש.
נאָר יאָסל דרייט זיך ווי עס איז אַרויס:
ער וויל נאָר אָפּרוען פֿון שווערן וועג,
און אויסגלייכן די איינגעקרעמפּטע גלידער.
עס קלייבט זיך אַרום אים אַ טשאַטע קליינוואַרג
מיט קעפּלעך פֿלאַקס און וואַסערדיקע אויגלעך;
מען טאַפּט און מען באַשמעקט דעם קאַלטן פּאַק,
וואָס האָט פֿון ווייטער וועלט אַהער פֿאַרבלאָנדזשעט.
און שפּעטער, ווען דער טיש ווערט אָפּגעראַמט,
דער פֿאַרמער שאָקלט זיך אין ווינגשטול מיט דער פּייפּ,
דערמאָנט מען זיך, אַז דזשים ברויך שטיוועלעך,
די קליינע מאָוד דאַרף זעקעלעך און הענטשקעס.
דער פּאַק באַוויזט זיך פּלוצים אויפֿן טיש,
מען נישטערט און מען טאַפּט, מען מעסט זיך אָן,
די קינדער טראָגן שוין די נייע חפֿצים
און ווערן מיט דעם יאָסל היימישער;
זיי טאָרען ביי די פּאָלעס פֿון זיין בגד,
און קווענלן אָן פֿון זיין טשיקאַווען לשון.

דערנאָך, אַז דאָס געשעפֿט איז אָפּגעטאָן,
דער אָטעם אָפּגעכאַפּט, דער גוף דערוואַרעמט —
דערמאָנט זיך יאָסל, ער איז הונגעריק.
ער שלעפּט פֿון פּאַק אַרויס אַ לעבל ברויט,

צושנייט אַ ציבעלע מיט זאַלץ, און עסט.
דער גוי קוועטשט מיט די פּלייצעס, טראַכט אַזוי:
אַ מאָדנע בריה ס׳איז, די הייסע ביסקוויטס
אין פֿײַנסטן לאַרד געבאַקן שמעקט אים ניט —
קיין חזיר און קיין בולבעס וויל ער ניט,
און אַט אַ זיצט עס און עס שלינגט פֿאַרפֿראָרן ברויט,
פֿאַרדאַרט, פֿאַרטריקנט ברויט מיט ציבעלעס און זאַלץ,
איז זיצט ער און ער חידושט זיך, און קוקט אים אָן
אַדורך די נייע נאָר וואָס איינגעקויפֿטע ברילן
ביז ס׳ווערט אים עפּעס אויפֿגעקלערט אין מח,
איז מאַכט ער צו׳ן אים: וואָס, אַ קעטאָליק דזשו?
און יאָסל שאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ.

דערנאָך, אַז יאָסל גייט שוין ווידער מיטן פּאַק
איז עפּעס היימלעכער. דער וועג איז ווייס געדעקט,
דער הימל אויפֿגעלייגט, דאָס ווינטל גלעט.
איז גייט ער מיטן ווייסן אַלטן טראַקט
און זאָגט אויף אויסווייניק קאַפּיטלעך תהלים,
מיט יענעם אַלטן ראש־השנהדיקן נגון,
וואָס ער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך פֿון אַלטער היים.

מאַנאַטן לויפֿן זיך אַזוי כסדר —
און מיט זיי וואַקסט דאָס גייענדיק געשעפֿט.
ווײַל, ערשטנס, כאַפּט שוין דזשאָו דעם לשון לייכטער,
און צווייטנס, איז שוין „דזשוּאיש דזשאָו" באַקאַנט.
די הינט אַפֿילו זיינען צו אים היימיש
און דרייען צו אים פֿריינטלעך מיט די עקן;
און אַז דאָס קליינוואַרג פֿון אַ ווייטער פֿאַרם
דערזעט אים אָנקומען פֿון ווייטן וועג —
דערפֿרייט מען זיך מיט אים ווי מיט אַ טאַטן.
און דריטנס שלעפּט ער שוין ניט מער דעם פּאַק:
דער פּאַק ליגט ברייטלעך אויסגעלייגט אין וואָגן,
און דזשאָו טרייבט אָן דעם פֿערד און האָט הנאה.
זיין טעריטאָריע וואַקסט, מיט איר זיין מסחר:
ער קויפֿט אויף אַלץ וואָס מאַכט זיך אויף דער האַנט,

אַ קאַלב, אַ פּעקל וואָל, אַ בינטל פלאַקס,
אַ טעפּל האָניק, און אַ פעל, און פוטערוואַרג.
און פרייטיק אַז ער פאַלט אַריין אין שטאָט,
איז פול דאָס קליינע וועגל ווי אַן אויג.
דאָס פערדל שמעקט די לופט פון פעטערס שטאַל,
די קינדער קלעפּן זיך צו׳ן אים ווי בינען,
די מומע גרייט צום טיש די פרישע פיש,
דער פעטער איז גוט אויפגעלייגט און שמייכלט,
און חזרט איטלעך וואָך דאָס אייגענע:
אָהאָ! כ׳האָב באַלד געזאָגט ס׳וועט זיין אַל־רייט.

ג

## די צרה

אַז דזשאָו האָט איינמאָל, אין אַ הייסן זומערטאָג
דערשלעפּט זיך צו אַ ווייטער פאַרם אין די בערג —
איז הייס געווען און שטיל ווי אויסגעשטאָרבן.
די יולי־זון האָט אויפן קאָפּ געשלאָגן,
געשאָסן פונקען אויפן רויטן דאַך,
און האָט דעם האַרטן שוואַרצן גרונט געבאַקן.
די בלומען אַרום הויז האָבן געשמאַכט,
געבויגן אומעטיק די קעפּ, פאַרחלשט.
די הינער האָבן זיך פאַרשטעקט אין שאָטן,
חזירים האָבן זיך געגראָבן אַרום ברונים,
און ניגער, דער קודלאַטער שוואַרצער הונט,
האָט הפקר שוין געמאַכט זיין גוף פאַר פליגן,
אַן אויסגעצויגענער, די לאַנגע צונג אַרויסגעשטעקט.
די קליינע פענצטער פון דער פאַרם־הויז
געשטאַנען זיינען אָפן, ברייט צושפּאַנט.
און איידער דזשאָו האָט צייט געהאַט צו אָנטרינקען
זיין מידן פערד, איז פּלוצים אויסגעוואַקסן
דאָס מיידל סוזי פאַר אים ווי אַ שאָטן:
אַ רויטע, אַ צעשוואָומענע, אַ שווערע,

דאָס פּנים טעמפּ און שווער און אומבאַוועגלעך,
נאָר אין די וואַסערדיקע אויגן האָט געיוירט
די שרעק פֿון הונט וואָס ציטערט פֿאַר דער בייטש.
און איידער וואָס — איז זי געפֿאַלן אויף דער ערד,
אַרומגעכאַפּט אים שטייף אַרום די קני,
געקושט אים זיינע גראָבע רויטע הענט,
געקלאַפּט זיך מיטן קאָפּ אָן האַרטן גרונט,
און אָן די שטויביקע און שווערע שיך,
געכרעט, געוויינט, געכרעט, געצלמט זיך
און האָט גערופֿן דזשיזוסן צו הילף.
דער יונג האָט באַלד דערזען זיין גרויסן בראָך:
די קני האָבן געציטערט ווי אין פֿיבער,
און שווערע קיילעכדיקע טראָפּנס שווייס
געשוואומען זיינען אויף דעם בלאָס געוואָרענעם פּנים.
ער האָט געשטאַמלט מיט אַ שווערער צונג,
פּרובירט צו אויפֿהויבן די מויד פֿון דרערד,
נאָר זי האָט איינגעשפּאַרט געקלאַמערט זיך צום גרונט,
אַזוי ווי זי וואָלט גאַרן, אַז די ערד
זאָל עפֿענען אַ מויל און זאָל זי איינשלינגען.

אַז ס'האָט דעם רויטן עפּל אָנגעהויבן ציען
פֿון הויכן בוים אַראָפּ צום גרינעם גראָז,
אַז גרינע טאַבאַק־בלעטער האָבן אָנגעהויבן
צו ווערן געלב, און שפּאַלטן זיך און ברעקלען —
האָט סוזי ניט געקאָנט זיך מער באַהאַלטן.
די מאַמע האָט געקניפּן און געשלאָגן,
דער טאַטע האָט געטאָפּעט און געשלאָגן,
די ברידער מיט די בייטשן האָבן געשלאָגן.
עס איז געשטאַנען אין דער לופֿט אַ גרויס געוואַלט:
דער הונט איז ווי אַ לייב אַריינגעשפּרונגען,
געריסן ביז צו משוגעת זיין האַלדז,
געוואָרפֿן זיך צורייצט אַנקעגן בייטשן,
געריסן און געשלעפּט זיי פֿאַר די בגדים.
די מויד האָט ווי אַ חיה ווילד גערעוועט,
זיך ניט געוועהרט, געלעגן אַ צוטראָטענע.

און אַז מען איז פֿון איר צום סוף דערגאַנגען
דעם נאָמען פֿונם צוקינפֿטיקן טאַטן —
האָט זיך דער אַלטער פֿאַרמער אויסגעשפּיגן,
אָוועקגעכאַפּט די הענט ווי אָפּגעבריט.
די מאַמע איז געבליבן שטיין געפּלעפֿט,
די ברידער מיט די אָפּגערוטע בייטשן האָבן
גענומען זיך צו איר מיט נאָך מער פֿרישקייט.

אַז ס'האָט זיך איינגעשטילט דער ערשטער טומל —
האָט די משפּחה זיך אַרומגעזעצט ביים טיש
צו אונטערלענען זייער האַרץ. די אַלטע
האָט אומגעפּאָדעט אַרום קיך, און באַלד דאַרויף
האָט אָנגעהויבן שמעקן אין דעם הויז
דער ריח פֿון די ביסקוויטס איינגעפּרעגלט
אין פּיינעם לאַרד, און ס'האָט געבלעזלט זיך,
געגאַרגלט און געזאָדן הייס די קאַווע.
דער עולם איז געוואָרן שטיל, זיך אָפּגעצאַמט,
פֿאַרווישט דעם שוויס פֿון פּנים מיט די אַרבל,
און זיך גענומען בהרחבֿהדיק צום עסן.
ס'האָט בלויז דערטראָגן זיך פֿון וויטן ווינקל
דאָס אומרואיקע קרעכצן פֿון דער מויד
און בורטשען פֿונם הונט וואָס האָט געטוליעט זיך
און זיך געגלעט צו איר. דער הונט האָט זיך געקרימט,
אויף זיי מיט בלישטשענדיקע פֿייכטע אויגן,
געדרייט דעם לאַנגן שוואַרצהאָריקן עק,
באַלעקט זיך מיט דער רויטלעך־ווייסער צונג,
און בלויז געוואָרט מען זאָל אים איינלאַדן
אַהין צום טיש.
דערווייל האָט אָנגעהויבן
זיך לאָזן שפּירן אינם הויז דער ריח
פֿון שטאַרקע רויכערדיקע פּייפּס; דער שמועס
האָט אָנגעהויבן פֿלעכטן זיך פֿון ס'ניי,
נאָר דאָס מאָל שטילער, איינגעהאַלטענער.
דער אינגסטער פֿון די בנים, גאָר אַ יונג אַ פֿלאַם
האָט ווידער אימפּעטיק געכאַפּט זיין בייטש

גאָר פֿאַרטיק זיך צו נעמען צו דער אַרבעט.
נאָר דאָס מאָל האָט דער אַלטער ניט דערלאָזט,
אים אָנגענומען פֿאַר די הענט מיט וואָס נאָר כּחות,
און אים צוריק געשליידערט אין זיין שטול.
ס'איז ניט קיין קונץ, זאָגט ער, אַוועקהרגען די מויד;
פֿאַרפֿאַלן איז פֿאַרפֿאַלן. נאָר וואָס דען —
ער וואָלט אויף אַ מפּלה גיכער זיך געריכט
ווי אַז די מויד זאָל אָפּטאָן אַזאַ קונץ.
און נאָך מיט וועמען, אַזאַ טאָכטער פֿון אַ הונט,
זי האָט געפֿונען זיך צונויפֿצושמעקן?
ס'וועט זיין, זאָגט ער, שוין גאָר אַ פֿיינע פּאָר:
אַ גולם מיט אַ טייוול. נאָר פֿאַרפֿאַלן,
אַזוי ווי זי האָט זיך שוין אויסגעבעט,
אַזוי וועט זי שוין שלאָפֿן. וואָלט, דער אינגסטער זון
האָט זיך געוואָרפֿן און געשליידערט פֿאַר רציחה,
ער האָט געהאַלטן אין איין טענהן, אַז ער וועט
דעם שמוציקן שיגעץ ווי אַ הונט דערשיסן.
אים, וואָלטן, האָט ניט אָנגעשמעקט דער שדוך,
ווייל ער אַליין האָט פּונקט געהאַלטן ביי אַ שדוך,
און האָט געציטערט, אַז דער נייער יחוס
זאָל אים ניט שעדיקן. האָט מען באַדאַרפֿט
אַריינטענהן און געבן צו פֿאַרשטיין דעם יונג,
אַז ס'איז ניטאָ קיין אַנדער אויסוועג פֿון דער צרה.
אַריינגעפֿאַלן — און גענוג. מען דאַרף
דעם יידן אָפּוואַרטן ווען ער וועט קומען
און פּטרן דעם עסק — און אַ סוף.
אָנו צווישן זיך גערעט, איז גאָר ניט אַזוי שלעכט,
די מויד האָט סיי ווי בעסער ניט פֿאַרדינט,
אַ גלאָמפּ אַ מויד, אַ שטיק פֿלייש מיט צוויי אויגן.
דער ייד ווייזט אויס צו זיין אַ שטילער מענטש,
און איז ווי אַלע יידן אָנגעשטאָפּט מיט געלט.
און סתם, גיי העלף זיך, אַז ס'איז אָפּגעטאָן,
פֿאַרפֿלעקלט און פֿאַרקלאַפּט.

נאָר דזשאָו, ווי אויף להכעיס,
האָט אויפֿגעהערט אַהין זיך צו באַווייזן,

איז אויסגערונען, און ניטאָ אים — און דאָס גאָר.
אומזיסט האָט די משפּחה אָפּגעהיט,
אומזיסט געלויערט אים אויף אַלע וועגן,
אומזיסט האָט סוזי אויסגעקוקט די אויגן —
קיין סימן ניט פֿון יידל און זיין פֿערדל.
האָט זיך דערעסן זיי די לאַנגע וואַרטעניש,
און איינמאָל, אין אַ פֿיינעם זונטיקדיקן טאָג,
האָט די משפּחה מאַנסלייט צוגעקליבן זיך
און זיך אַוועקגעלאָזט אין שטאָט אַריין.

ד

## מחותּנים

עס איז געווען אַ זוניקער נאָכמיטאָג,
אַ טאָג פֿון רו, ווען ס'ווערט די דרום־שטאָט
ווי איינגעשלעפֿערט נאָך דעם פֿעטן מיטאָג.
די וועלט לעבט איבער דעם אינדיאַנער זומער
מיט זיינע פֿלאַמענדיקע רויטע בלעטער,
און פֿלאַטערדיקע ווייסע שפּינוועבס־קייטן.
די קליינע גערטנער אַרום הייזער שטייען געל,
די פּאָמידאָרן גליען אָנגעגאָסן רויט
און בויגן זייערע קוסטן צו דער ערד.
אַ וואַרעם ווינטל ווייט און שאָקלט אום
די גרויסע ראָז־געוואָרענע שניי־קוגלען;
און איבער אַלץ און אַלעם ליגט צעגאָסן
דער חן און רואיקייט פֿון שטילן זומער,
פֿון בלויקייט און פֿון זון.
אין פֿעטערס הויז
האָט זיך געשפּירט די שבת־זונטיקדיקע רו:
די גרינע שטאָרן נידעריק אַראָפּגעצויגן
איז האַלב געווען טונקל און האַלב ליכטיק,
האָט ס'ווינטל זיך צעשטיפּט, און אָפּגעשאַרט

אַ שטאָר פֿון פֿענצטער, האָט אַ גאָלדן פּאַס
אַ פּאַס פֿון זון באַגולט די וואַנט אַנטקעגן
אויף וועמעס רויטע בלומען פֿון דעם וואַנט־פּאַפּיר
עס זיינען אין די גרויסע גֶעלע ראַמען
געהאַנגען באָבעס אין די טשיפּיקעס און שייטלען,
און זיידעס מיט די יאַרמעלקעס און בערד.
עס האָבן באַראָן הירש און דזשייקאָב שיף
גאַנץ היימיש זיך געפֿילט אין דער געזעלשאַפֿט.
דער איינציקער וואָס האָט זיך אַלץ געקרימט,
געווען איז קערענסקי אין זיין פֿוטער־מיץ;
ווייל ער, קערענסקי, איז געווען אַנגעקלעפּט
פּונקט אונטער דעם אַראָפּהענגענדיקן זייגער,
און איטלעך מאָל ווען ס׳האָט דער שוואַרצער אומרו
פֿאַרביי זיין פּנים דורכגעשוועבט, האָט ער
זיך שאָטנדיק געקרימט. אַ חוץ די אַלע,
האָט נאָך אַ גרויסע מחנה „מוּאווי־שטערן“
אויף קליינע קאַרטעלעך די וואַנט באַפֿאַלן
ווי אַ געדיכטער פֿילקאָלירטער היישעריק,
ווי אומגעקראָכן אויף דער וואַנט. ס׳איז שטיל געווען.
דער פֿעטער איז געזעסן אינם וויגשטול,
גאַנץ ברייטלעך אויסגעשפּרייט אין העמד און הויזן,
בנעימותדיק, מיט ברילן אויפֿן שטערן,
און אין דער לייכטער יאַרמעלקע, אַריינגעקוקט
אין די „גאַזעטן“, צוגעברומט דערביי
אַ נגון פֿון דעם ראָש־השנהדיקן דאַווענען,
און זיך געקילט מיטן שטאַרקן הייסן טיי.
און דזשאָו, אין שווערן אומרואיקן שלאָף,
האָט זיך געוואָרפֿן אויף אַן אַלט טאַפּטשאַן
וואָס האָט זיך צוגעשפּאַרט אין ווינקל צימער.
דאָס פּנים איז געווען שפּיציק און צעפֿלאַמט,
און האָט נערוועז און אומרואיק געצוקט, —
רחמנותדיק און שטיל.
און אויף דער שטילקייט
האָט פּלוצים אָנגערוקט זיך פֿון דער גאַס
דער האַרטער טראָמפּל פֿון די שווערע שטיוול,

און דאָס געבייזער פֿון עקשנותדיקע שטימען.
עס האָבן זיך דורך דער צעשפּאַנטער טיר באַוויזן
פֿיר גוים ווי די ריזן, אָפּגעברענט,
מיט רויטע פּנימער און רויטע העלדזער.
דער אַלטער פֿאָרויס מיט דער גרויער באָרד,
און הינטער אים די קאָכעדיקע הייסע זון,
און אַלע מיט די בלאַנקע ביקסן אין די הינט.
דער פֿעטער האָט פֿאַרחדושט זיי באַטראַכט,
דערנאָך צעשמייכלט זיך, ווי איינער זאָגט:
„די פּריצים קומען צו פֿאַרישבן זייערע ביקסלעך".
פֿאַרקוקט זיך אָבער אין די גרויע אויגלעך,
וואָס האָבן גיפֿטיק שטעכעדיק געמערדערט;
באַמערקט ווי דזשאָו איז האַסטיק אויפֿגעשפּרונגען,
נישט טויט נישט לעבעדיק געבליבן זיצן —
האָט ער באַנומען, אַז דאָ איז ניט גלאַט.
האָט ער זיך אויפֿגעהויבן פֿון זיין שטול,
אַ צוויי־דריי טריט געגאַנגען זיי אַנטקעגן, —
זיך אָפּגעשטעלט מיט פֿרעגנדיקע פֿינגער,
און כּלומרשט שמייכלענדיק געפֿרעגט די געסט:
וואו גייט מען עס אין מיטן זומער אויף געיעג?
און דאָ איז וואַלט, רציחהדיק אַרויס:
מיר גייען טאַקע אויף געיעג, געטראָפֿן:
מיר יאָגן נאָך אַ צווייפֿיסיקן האָז,
און אויב ער מאַכט קיין טעות ניט, וועט מען
דעם האָז געפֿינען טאַקע דאָ אין הויז.
דאָ האָט דער אַלטער פֿאַרמער זיך געפֿונען:
אַ וואונק געגעבן וואַלטן, ער זאָל שווייגן,
מיושבדיק זיך צוגעזעצט צום טיש,
דעם ברייטן שטרוי־הוט אויסגעטאָן פֿאַר זיך,
געלאָסן אָנגעשטאָפּט די פּייפּ מיט טאַבאַק,
פֿאַררויכערט, און גענומען לאָזן וואָלקנס.
ערשט דאַן אַ זאָג געטאָן צום בלאַסן פֿעטער:
איצט, שכן, זעץ דיך צו, מיר וועלן שמועסן.
דערווייל אַ וואָרף געטאָן אַן אויג אויף דזשאָוען,
אים כיטרע צוגעוואונקען, ווי נאַר וואָס דערזען:

היי, דזשאָו, זאָגט ער, אַ צייט אים ניט געזען;
מסתמא רייך געוואָרן אַז אים שטייט ניט אָן
צו קומען אין די זייעריקע מקומות.
זיין אַלטע קוקט פֿאַר אים גאָר אויס די אויגן,
און סוזי חלושט אים צו זען אַמאָל,
ער וואָלט גאָר סוזין ניט דערקאָנט אַצינד,
איז פֿעט און קיילעכדיק געוואָרן ווי אַ פֿאַס.
אַ שאָד וואָס ער באַווייזט זיך ניט, דער דזשאָו,
ער קען גיין אין געוועט, אַז ער וועט זיין
אַן אָנגעלייגטער גאַסט ביי זיי אין הויז,
אַ גרויסער גאַסט.
דערווייל איז פֿון דער אויבערשטוב,
די מומע, אויפֿגעוועקט פֿון שלאָף, אַראָפּגעקומען,
אַ ברייטע, אַ צערויטלטע, מיט פֿרישע אויגן.
אַ קוק אַהער, אַ קוק אַהין, אַ וואָרט —
און איר, דער מומען דאַרף מען לאַנג ניט בריידן.
צוערשט איז זי געבליבן ווי אַ שטיק מיט זאַלץ,
האָט אַזש דעם אָטעם ניט געקענט דערכאַפּן.
דערנאָך, ווען זי האָט שוין דערכאַפּט דעם לשון
איז זי אַרויסעט אויפֿן הויכן קול:
אַ בראָך איז איר געשען, אַ תוכחה פֿון גאָט,
אַ פֿייער האָט זיך אין איר הויז אַריינגעכאַפּט;
דאָס האַרץ האָט איר אָבער געזאָגט, אַז עפּעס
איז מיטן יונג ניט גלאַט; דאָס גייט אַרום
די לעצטע פּאָר מאָנאַטן ווי אַ נעכטיקער,
און זי האָט נאָך געוואָרמט אַזאַ שלאַנג,
וואָס וועט אַצינד די אויגן זיי פֿאַרשוואַרצן.
דערלעבט זיך נחת. נאַ, אַזוי, אַזוי,
דאָס זיינען, הייסט עס, גאָר די מחותנים.
דער יונג זאָל גאָר איר אָנזאָגן אַפֿריער,
הונט־טייוול, אַז ער ריכט זיך אויף אַזעלכע געסט:
זי וואָלט אַביסל כבוד צוגעגרייט,
וואָלט צוגעראַמט די שטוב, דער קאָך געוואַשן —
איין קליניקייט, אַזעלכע מחותנים.
אַ שאָד, דער שוואָגער חיים־בער האָט ניט געהאַט

די זכיה אָנצוקוקן אַזאַ נחת —
מען וועט אים דאַרפֿן אָנקלאַפּן אין קבר.
און יאָסל איז געזעסן ווי צעפּלעמט,
דער פֿעטער איז געווען בלאַס ווי קאַלך,
געקייט רחמנותדיק דאָס שפּיציק בערדל;
און אין די ברידער האָט געקאָכט דאָס בלוט
און בלוט־קאָליר האָט דורכגעשפּאַרט אין זייער אויג.
דער איינציקער וואָס איז פֿאַרבליבן רויִק,
געפֿילט זיך גאַנץ געמיטלעך אין דעם טומל —
געווען איז דער אַלטער מיט זיין פּייפ:
ער האָט געוואונקען ממזריש מיט כיטרע אויגן,
און האָט געבלאָזן וואָלקנס רויך צום באַלקן.
ער האָט געלאָזט דער יידענע זיך דורכשרייען,
געהאַלטן אין איין צושאָקלען דעם קאָפּ.
הכלל, פֿרעגט אים די מומע, וואָס פֿאַרלאַנגט ער?
ער וויל, זאָגט ער, קיין זאַך ניט: נאָר זיין טאָכטער,
זיין טאָכטער סוזי דאַרטן וויל איר מאַן.
זי האָט, זאָגט ער, אויף אים אַזאַ חזקה,
און אויסער דער חזקה, האָט זי נאָך
דריי גוטע ברידערלעך, זי מעג זיי אָנקוקן,
ווען ער זאָל האָבן עס געוואוסט אַפֿריער,
אַז ס׳וועט דער טוכלער פֿיש זיך לאָזן בעטן —
וואָלט ער זיך אין דעם עסק ניט געמישט.
ער וואָלט עס בלויז געלאָזט צו זיינע זין.
נו שכן, זאָגט ער צו דעם בלאַסן פֿעטער,
זאָל זיין מיט מזל, לאָמיר שאָקלען הענט.
דיין יידענע געפֿעלט מיר, האָט אַ מויל.
און דזשאָו וועט גיין מיט אונדז, דער מויד איז אומעטיק,
ער האָט קיין צייט צו שפּילן דעם מחותן,
ער לאָזט עס איבער אויף אַן אַנדער מאָל,
דער טאַבאַק אויף די פֿעלדער וואַרט אויף אים;
און מאָרגן פֿרי וועט מען אַריבערגיין
אין קאָורט אַריין — און פֿאַרטיק מיט אַן עסק.

אַ ביסל שפּעטער, ווען די מחותנים
זיינען מיט דעם דזשאָו אַוועק פֿון הויז —
האָט אַן אבלות זיך צעשפּרייט אין יעדן ווינקל.
דער פֿעטער האָט געווישט די אָנגעטרערטע ברילן,
די מומע האָט געשלוכצעט אויפֿן קול.
אין הויז האָט נאָך געשמעקט דער שטאַרקער טאַבאַק —
אַ זכר פֿון נאָר וואָס געוועזענעם מחותן.
עס האָבן בּאַראָן הירש און דזשייקאָב שיף
גאַנץ גלייכגילטיק אַראָפּגעקוקט פֿון וואַנט,
און בלויז קערענסקי האָט געבייזערט זיך:
די וועלט איז ניט קיין הפֿקר־וועלט, מיין יונג.

ח

## ייִד און גוי

עס האָבן אָנגעהויבן בלאָזן אין די בערג
די שטרענגע שניידנדיקע צפֿון־ווינטן.
די לעצטע דאַרע בלעטער פֿון די ביימער
זיי זיינען זיך צעפֿלויגן אין די טאָלן —
און אין פֿרימאָרגן אויפֿשטייענדיק פֿון שלאָף
האָט דזשאָו דערזען פֿאַר זיך אַ ווייסע וועלט,
אַ ווייסע וועלט, מיט ווייסע בערג און ביימער,
מיט ווייסע שטאַלן און אַ ווייסע ברונים.
און אין דער לופֿט האָט אַלץ געווירבלט און געמישט,
געפֿאַלן און צעפֿלויגן זיך דער שניי.
דערנאָך האָט זיך געשטעלט אַ לאַנגער ווינטער,
און טאָג מיט נאַכט האָט זיך געביטן און געמישט
ווי אין אַ לאַנגן גלייכגילטיקן חלום,
וואו זון און שטערן און לבנה גלייך
באַלויכטן בלאָס אַ מוטנעם גרויען הימל.

דאָס לעבן האָט געשלעפּט זיך איינטאָניק און גרוי
ווי ס׳וואָלט די גרויקייט זיך אין ביין פֿאַרפרעסט

און אָפּגעטויט זיין לעצטן רויטן טראָפּן בלוט.
די מענער פֿלעגן אויפֿשטיין מיטן קריי פֿון האָן,
און ביז פֿאַרנאַכט פֿאַרשווינדן אין די בערג.
„דאָס גייט ער, עשו, אויף געיעג" — פֿלעגט טראַכטן דזשאָו,
ער פֿלעגט פֿאַרקלייבן זיך אין טיפֿסטן ווינקל,
און אָפּזיצן אַ טאָג אַ שטילער, אַ פֿאַרטיפֿטער.
די ווייבער האָבן שטיל, אומאויפֿהערלעך געאַרבעט
ווי אָקסן אינם יאָך: די שטאַל געריייניקט,
געהאַקט דעם שווערן אייז אַרום דער ברונים,
געטראָגן וואַסער פֿאַר די בהמות און חזירים,
די קי געמאָלקן און דאָס ברויט געבאַקן,
און שפּעט אין נאַכט געשפּונען אויפֿן שפּינדל.
נאָר אים האָבן די הענט זיך ניט געהויבן,
ווי ס'וואָלט זיין יעדעס גליד געווען פֿון בליי. —
עס איז געווען, ווי ער וואָלט אומגעטראָגן
אַ פֿרעמדן שווערן קאָפּ אויף זיינע אַקסלען.
דער אַלטער פֿלעגט בלויז שאָקלען מיטן קאָפּ:
אַ מין פגירה ער האָט עס געפּאַקט,
אַ פֿיינעם אַרבעטער זיך איינגעהאַנדלט,
צוערשט האָט ער געפּרואווט אים מונטערן,
געוואָלט אים מיטנעמען אין וואַלד אַריין —
האָט אָבער באַלד אָוועקגעמאַכט זיין האַנט.
די עלטערע צוויי בנים מאַכן חוזק
און קרימען איבער ווי ער גייט און שטייט;
נאָר וואָלט, דער ייִנגסטער זון, פֿאַרהאַלט זיך שטיל,
האָט עס געברענט אין אים די שנאה צו דעם ייִד.
אַ שטילער, ווי אַ קאַץ, צונויפֿגעפּרעסט די ליפּן
נאָר אין די גרויע שאַרפֿע אויגן פֿלעגט אַמאָל
דער האַס זיך איבערגיסן אין אַ רויטן גלאַנץ.
די איינציקע וואָס האָט אים מיטגעפֿילט
געווען איז זיין גויעטע, זיין סוזי.
זי פֿלעגט אים צוטראָגן זיין ברויט מיט בולבעס,
דאָס ביסל מילך, (דאָס חזיר־פֿלייש האָט אים געעקלט)
פֿלעגט שטילערהייט צו'ן אים זיך גלעטן
ווי ס'גלעט דער הונט זיך צו זיין באַלעבאָס.

און ווייטער איז געווען שטיל און שטיל,
אַז ס׳האָט געגרילצט אַזש אין די אויערן.

נאָר איינמאָל האָט געפּלאַצט די גרויסע שטילקייט,
ווי ס׳פּלאַצט אַן איינגעשמידטער טייך מיט אייז:
די שטילע שווערע גויעטע, זיין סוזי,
האָט איינמאָל פּלוצים אויפגעהערט צו אַרבעטן,
אין מיטן העלן טאָג אין בעט אַריין
און איז פאַרגאַנגען אין אַזאַ געשריי,
אַז ס׳האָט דעם באַלקן אויפן קאָפּ געריסן.
די אַלטע האָט געאַרבעט אַרום טאָכטער,
און דזשאָו האָט ווי אין חלום איר געהאָלפן:
דעם אויוון אויפגעהאַלטן מיט פריש האָלץ,
געשלעפּט די עמער וואַסער פון דער ברונים,
געהאַלטן אין איין וואַרעמען דאָס אייז וואַסער.
און ווען דער ערשטער קוויטש פון ניי־געבוירן קינד
האָט זיך אין שאָטנדיקן הויז צעציטערט —
איז זיך זיין האַרץ פאַרגאַנגען אין אַ צאַפּל
און שטומע טרערן האָבן זיך געקייקלט,
אויף זיינע בלייכע איינגעשרומפּטע באַקן.
אַ רויטס, אַ שרייענדיקס, צעקנייטשט דאָס פּנים —
איז אים דער ניי־געבוירן זון געווען
אי פיינטלעך־פרעמד און אי רחמנותדיק און נאָנט.

דערנאָך איז אָנגעקומען פרילינג אינם לאַנד:
צוערשט האָט זיך דאָס אייז און שניי געשמאָלצן,
און שטראָמען זיינען פון די בערג געפאַלן.
און ס׳האָט פאַרשמעקט די לופט מיט פרישער ערד,
מיט שוואַרצער פעטער ערד און גרינעם בוים.
די זון פלעגט אויפשטיין פריער יעדן טאָג,
עס זיינען אָנגעפלויגן פייגל פון דער וועלט
און ברייטלעך זינגענדיק באַזעצט זיך איבעראַל
אין די געזימסן פונם הויז און שטאַל און שייער.
און מיט די שווייגעדיקע פולע קרעפטן
וואָס האָבן זיך געצויגן און געשטראָמט אין לופט —

האָט דזשאָו דערשפּירט בחוש, אַז אויב ער וויל
זיך האַלטן אויף דער ערד דאַן מוז ער אַרבעטן.
אויב ניט, וועט ער פֿאַרשימלען ווי דער אַקער
וואָס ווערט ניט מער גענוצט. די אַרבעט איז
צוערשט געגאַנגען שווער. עס איז געווען
אי אומגעלומפּערט און אי פֿרעמד. נאָר ביסלעכווייז
האָט ער זיך צו דער אַרבעט צוגעוואוינט, —
און האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן נייעם לעבן.
ער האָט געאַרבעט ווי פֿאַרשכורט פֿון דער אַרבעט,
ביז זעלבסט־פֿאַרגעסנקייט, עקשנותדיק,
און ס'האָט זיין האַרץ צום ערשטן מאָל אין לעבן
פֿאַרזוכט די זיכערע און שטילע רו.
דער אַלטער האָט צוערשט געקוקט פֿאַרחדושט,
ער האָט דעם וואונדער ניט געקאָנט באַנעמען,
די בנים האָבן אויפֿגעהערט צו טרייבן שפּאַס,
דער איינציקער וואָס האָט זיך ניט געביטן —
געווען איז וואָלט, ער האָט דעם יונג געהאַסט.
נאָר דזשאָוען איז קיין זאַך ניט אָנגעגאַנגען —
ער האָט נאָך אַלץ זיך ניט געמישט אין זייערע עסקים,
ווי אַלץ וואָלט פֿרעמד געווען און ווייט און אָפּגערוקט.
ער האָט אַ וואָרט ניט אויסגערעדט אויך דאַן
ווען די משפּחה האָט גענומען אויסהאַקן
דעם אַלטן פּרוכטגאָרטן אַרום דעם הויז,
ווייל טאַבאַק פֿלאַנצן האָט באַצאָלט זיך בעסער.
דאָס בלוט האָט אים געקאָכט פֿאַר אויפֿרעגונג,
פֿון ווייטער קינדהייט איז אַרויסגעשוואומען
אַ נאָענט־פֿאַרפֿרעמדטער פּסוק פֿון דעם חומש:
„קיין פּרוכטבוים זאָלט איר ניט פֿאַרדאַרבן". נאָר
ווי אָנמעכטיק אַרויסצוברענגען דעם געדאַנק
האָט ער געשוויגן. צו דעם קינד זיך צוגעוואוינט,
אין גראָבן פּנים מיט דער קורצער נאָז
און מיט די שיטערע און ווייסע הערלעך
געפֿונען חן. אַפֿילו צו זיין גויעטע,
זיין גראָבער און דערשלאָגענער און פֿרעמדער סוזי,
האָט אויך אַ ווייטער אָפּקלאַנג פֿון רחמנות

געגומען רירן זיך ביי אים אין האַרצן.

און מאָדנע איז געווען, וואָס דורך דער צייט
האָט זיך ביי אים אין האַרצן אָפּגעווישט
אַ יעדע בענקשאַפֿט צו דער גרויסער וועלט;
בלויז איין מאָל אָדער צוויי געווען אין שטאָט,
אַריינגעקומען אין זיין פֿעטערס הויז,
געבראַכט זיי אַ מתנה פֿרישן קעז,
אַ קערבל אייער און אַ ביסל גרינסן —
און מאָדנע פֿרעמד און אומבאַקוועם געפֿילט זיך.
דער פֿעטער האָט געשוויגן אויף זיין שטייגער,
די מומע האָט פֿאַרשטאַנען זיין געפֿיל,
געפּרוּווט אים אַנציען, אים מאַכן ריידן,
אים אַנגעוואונקען, אַז די וועלט איז גרויס,
און אַז מיט געלט... —
נאָר דזשאָו האָט ניט געענטפֿערט.
און שטילערהייט מיט זיי זיך אָפּגעזעגנט.
אין גאַס, ביי די געוועלבלעך האָבן אים
באַקאַנטע קרעמער אָפּגעשטעלט, געפֿרעגט,
פֿאַרבעטן פֿריינטלעך אים אין קראָם אַריין —
נאָר ער האָט אָפּגעענטפֿערט מיט אַ פֿרעמדן שמייכל.
ער האָט געוואוסט, אַז הינטער זיינע פּלייצעס
וועט פֿאַלן ניט איין לעבעדיקער וויץ
אויף אים און אויף זיין גוייע און משפּחה.
דאָס רופֿט מען אים אַ ביסל צוליב נייגיר,
אַ ביסל צוליב פּדיון. אים האָט ניט געאַרט,
ווי ער וואָלט פֿון דעם אַלעם אויסגעוואַקסן.
דען אומבאַוואוסטזיניק פֿאַר זיך אַליין
איז ער מיט יעדן טאָג געוואַקסן צו דער ערד
ווי ער וואָלט אין דער ערד געלאָזן וואָרצל.
אַנטלויפֿן? ביין, צו וואָס אַנטלויפֿן, און וואוהין?
אַז ס'איז אים ליב אַ יעדער שפּאַן פֿון ערד,
דער אַלטער שייער, און דער אַקער, און דאָס הויז.
זיך ווידער שלעפּן מיטן פּאַק אין וועג?
ערשט איצטער האָט ער אָנגעהויבן צו פֿאַרשטיין

דעם זיכערן און תקיפֿדיקן טאָן פֿון אַלטן
וואָס כאַפּט זיך אויף באַגינען אין די זומערטעג
און שפּריצנדיק קאַלט וואַסער אויפֿן פּנים
צעזינגט ער זיך פֿון פֿולער שטאַרקער ברוסט
פֿון ערשטן אָנקומען פֿון די פּילגרימען,
פֿון זייער קאַמף, און זייער פּיין, און זיג,
און פֿון דער גרויסער זיכערהייט און רו׳
פֿון אַלט־קענטאָקי היים און אַלטער גלאָרי.

ז

## שטויב

ס׳האָט ווידער זיך געשטעלט דער ווייסער ווינטער:
אין שטיבל האָט געשמעקט מיט נאַסע פּעלכלעך
וואָס האָבן זיך געטריקנט הענגענדיק,
און מיט דעם שטאַרקן זיסלעך־ביטער ריח
פֿון רויע גרינלעך־געלבע טאַבאַק־בלעטער.
דאָס קינד איז שוין אַרומגעקראָכן אויף דער ערד:
געשלעפּט דער גראָבער מאַמען פֿאַרן קלייד,
געפּרואווט זיך אויפֿשטעלן אָן טאַטנס שטיוול,
געשפּילט זיך מיט דעם גרויסן שוואַרצן הונט,
און מיט דעם ניי־געבוירן קעלבל, וואָס מען האָט
צוליב דער קעלט געבראַכט אין שטוב אַריין.

אין איינעם אַזאַ טאָג אַ ליכטיקן
ווען שניי און שטראַלן בלענדן זיך צוזאַמען —
האָט מען אַרויסגעפֿירט דעם טאַבאַק צו דער שטאָט
אויף לאַנגע גרויסע פֿלאַכע וועגענער.
די רעדער האָבן מונטער אויף דעם שניי געגרילצט,
די פֿערדלעך, זאַט און אויסגערוט, זיינען געלאָפֿן.
די מאַנסלייט אַלע מונטער אויפֿגערעגט.
דער אַלטער האָט געפּיפּקעט און געציילט
אויף זיינע פֿינגער, וועגן מאַרק גערעדט,

און וועגן פּרייז און וואָג פון לעצטן יאָר.
אַ גייציק פייערל האָט גרין געברענט
אין זיינע דורכגעטריבענע און שאַרפע אויגן.
די זין האָבן געחשבונט, וויפל געלט
דער אַלטער מאַן וועט דאָס מאָל זיי פאַרטיילן,
און ווי זיי וועלן פאַר דעם געלט אַ לעב טאָן
אין טומלדיקער שטאָט. נאָר דזשאָו אַליין
איז שטיל געזעסן: עס איז גוט געווען
אַזוי צו זיצן אין דעם בלויען טאָג
פאַרלוירן אין דעם טראָט פון שטילע פערד
און מיט פאַרמאַכטע אויגן חלומען פון גאָרנישט.

די ווערהייזער אין שטאָט זיינען באַלאַגערט
פאַרלייגט מיט וועגן און אויטאָמאָבילן.
עס הערשט די אויפרעגונג פון אַ יריד:
מען טרעפט זיך אָן מיט אַלטע גוטע פריינט,
וואָס מען באַגעגנט נאָר פון איין יאָר אויפן צווייטן.
מען פרעגט זיך נאָך אויף אַלטע גוטע שכנים,
מען רעדט אַרום דעם מאַרק און די פאַרדינסטן,
און געלטפיבער לויכט דורך אין יעדנס אויג.
מען דרייט זיך אום אין גרויסן ענגן מאַרק,
וואו דער פראָדוקט פון דריי־פערטל קענטאָקער ערד
ליגט אויסגעלייגט אויף וואָגנס צום פאַרקויף.
מען טאָפּט דעם טאַבאַק איינער ביי דעם צווייטן,
מען שמעקט, מען רייבט אַ טאַבאַק בלאַט, מען קייט.
דערנאָך גייט מען אַריבער אין די קראָמען, —
מתנות אָפּקלייבן פאַר ווייב און קינד —
מען גייט פאַמיליענווייז פון איין קראָם אין דער צווייטער,
מ'קלייבט, מ'טאָפּט, מ'זוכט אַרום, מען דינגט זיך,
מען שפּייט אויף דר'ערד די ברוינע טאַבאַק־זאָפט
און לעבעדיקע, רירעוודיקע בלאַסע יידלעך
זיי ריידן אויס די לונגען צו די יאָקלס —
זיי שפּייען מיט דער גרינער געלער גאַל,
נאָר יאָקל בלייבט זיך קאַלט און כיטרעדיק,
ער האָט זיך צייט, וועט קומען נאָך אַ מאָל.

דערנאָך גייט מען צוריק צום מאַרק אַריין,
מען היט די וועגענער, מען שלאָפֿט אַדורך
די נעכט וואו זיצנדיק אין שענק,ביים ביר,
אויף מאָרגן גייט מען ווידער אין די קראָמען
און ס'הייבט זיך אָן אַ דינגעניש פֿון ס'ניי.

דערנאָך האָט מען געציילט דאָס געלט.
דעם אַלטנס הענט זיינען געווען פֿאַרפֿרוירן
האָט דאָס פּאַפּירגעלט זיך געגליטשט פֿון זיי;
פֿאַרלאָרן יעדע רגע וואו ער האַלט
און אָנגעהויבן ציילן פֿון דאָס ניי.
די זין זיינען געווען אומגעדולדיק,
געריסן זיך דאָס געלט אַליין צו ציילן.
דער אַלטער אָבער האָט זיך ניט גערירט פֿון פֿלעק:
ער האָט געציילט מיט פֿיבערדיקע אויגן
און מיט פֿאַרשוואָלענע און רויטע פֿינגער.
די זין זיינען געשטאַנען ווי אויף קוילן,
און שטילערהייט געקריצט די ציין ביז ווייטיק.
דער „אַלטער אייזל" אָבער האָט געטאָן
דאָס זייניקע: ער האָט געציילט: געטונקט
די רויטע פֿינגער אינם מויל אַריין,
באַטאַפּט אַ יעדעס בלעטל פּאַרזיכטיק —
ביז ס'האָט צולעצט געשטימט. דערנאָך האָט ער
באַטיילט דעם עולם מיט פּאַפּירלעך געלט.
דאָס פּעקל געלט אַריינגעשטאָפּט אין טייסטער,
דעם טייסטער אין אַ לייוונטענעם זעקל.
דעם זעקל טיף טיף אין בוזים. אויסגעגלייכט זיך,
אַ פּאַטש געטאָן דעם נענצטן אויף דער פּלייצע:
איצט, קינדער, לאָמיר גיין.
איז מען געגאַנגען,
ביז מען איז צום סוף אַריין אין שענק,
האָט עס אַ זעץ געטאָן די פּאַרע ווי אין באָד
און ס'איז געשטאַנען אין דער לופֿט אַ גרויס געשריי
עס האָט געקלונגען מיט די טעלער און די גלעזער;
די טיר האָט אויף אַ רגע ניט גערוט

אַרויסגעשפּיגן און אַריינגעשלונגען מענטשן,
דער שטאַרקער רויך פֿון פּייפּס האָט בייסנדיק
געגעסן זיך אין אויגן און אין העלדזער.
די לעמפּלעך פֿון עלעקטריק האָבן זיך געוויגט
ווי קליין און ווייט פֿאַרשוואומען אין אַ נעפּל.
מען האָט געגעסן הונגעריק און גייציק,
און מער נאָך ווי געגעסן — מער געגאָסן.
דער אַלטער איז געזעסן פֿריילעך אויפֿגעלייגט,
דאָס רויטע פּנים אין דעם מוטנעם בערדל
האָט וואוילעריש און כיטרע צוגעוואונקען,
געשטורכעט דזשאָוען מיטן עלנבויגן,
געטאַפּט זיך יעדע רגע ביי זיין בוזים.
און דזשאָוען איז געווען אי אומעטיק, אי היימלעך,
דער קאָפּ האָט אים געדרייט זיך פֿונם ביר,
און פֿונם רויש און קלאַנג האָט אים געשלעפּערט.

דערנאָך האָט מען דערלאַנגט דאָס טעשל קאָרטן.
צוערשט איז מען געווען איינגעהאַלטן, שטיל,
נאָר שפּעטער האָט מען זיך צעוואַרעמט הייס,
אָן אויפֿהער האָבן זיך די גלעזער ביר געביטן.
מען האָט זיך אויפֿגעהערט צו וויצלען און צו שפּאַסן,
פֿאַרקאָכטע, מיט צעגלאַנצטע בייזע אויגן
איז מען געזעסן שווייגנדיק; מען האָט געשפּילט.
דעם יונגן וואַלט האָט עס געקאָכט אין בלוט,
פֿון דרויסן האָט ער אויסגעוויזן צו זיין קאַלט,
דאָס פּנים עפּעס בלאַסער ווי געווייגלעך,
נאָר אונטער דער שטיל־בלאַסער מאַסקע האָט געברויזט
ווי ס׳ברויזט אַ לויפֿיק שטראָם אונטער דעם אייז.
אין אים האָט עס געברענט דער האַס צום אַלטן
צום כיטרען קאַרגן מאַן וואָס וויל ניט שטאַרבן,
וואָס וואַרפֿט אים צו געמיינע עטלעכע דאָלאַרעס
פֿאַר בלוט און מי פֿון לאַנגן שווערן יאָר.
ער האָט געגאָסן אין זיך אָן אַן אויפֿהער
וואָס ווייטער אינם שפּיל אַלץ מער פֿאַרלאָרן:
און אָטאָ זיצט דער אַלטער טייוול מיטן ייד

ווי ניט אים מיינט מען עס, איז האָפּערדיק
און קלאַפּט דעם פּיינעם אײדים אויפן פּלייצע.
דער ייד וועט אים נאָך אָפּירשען אין גאַנצן,
מיט האַק און פּאַק, וואָס דען? ס׳איז אַלץ דער ייד,
צוליב דעם יידן איז זיין שידוך אָפּגעגאַנגען,
זיין מיידל האָט זיך אויסגעלאַכט פון אים;
געקאַנט זיין לייטן גלייך, אַ מאַן מיט מענער,
ניט דאַרפן אָנקומען צום אַלטן טייוול
און צוזען ווי דער ייד וועט אַלץ פאַרשלינגען.
די שפּיצן באַקן האָבן זיך צעפלאַמט,
דאָס מויל האָט זיך פאַרפרעסט — איין דינער שטריך —
די שאַרפּע אויגלעך האָבן זיך פאַרשמאָלט,
געוואָרן שניידנדיק און רויט, פאַרלאָפן
מיט גיפּטיק בלוט. צום אומגליק האָט נאָך דזשאָו
באַדאַרפט זיך ווילצלען אויף אַ פאַלשן גאַנג
פון יונגן וואָלט...
און איידער מען האָט זיך געכאַפּט
האָט וואָלט זיך איינגעגעסן אין דעם יידן,
געהאַמערט אין זיין פּנים און אין האַרצן
מיט גרויסע אייזערנע און שווערע פויסטן,
געזעצט אין אים מיט פלינקע גראָבע שטיוול.
ניט אָפּגעלאָזט זיין קרבן און געהאַמערט,
געדיכט און דומפּ און שווער האָט אין דער לופט געקלונגען.
ס׳האָט פּלוצים אויפגעהויבן זיך אַ גרויס געוואַלד,
דאָס גאַנצע הויז איז זיך צונויפגעלאָפן,
נאָר איידער מען האָט וואָלטן אָפּגעריסן
איז דזשאָו געלעגן שוין האַלב־טויט אויף דר׳ערד,
דאָס פּנים — נישט מער צו דערקענען, שוואַרץ,
און אין די ווינקלען פונם צוקעדיקן מויל
האָט זיך פאַרמירט אַ ראָזלעך־ווייסער שטראָם
פון בלוט און שוים.
צו זיך איז ער שוין ניט געקומען:
דריי טעג איז ער געלעגן אין שפּיטאָל,
געשוועבט ביים גרענעץ פונם טויט און לעבן.
די גרענעץ איז געווען אַ ווייסלעך־ראָזער וואָלקן,

און קוקנדיק אין זיך — האָט ער געזען
זיין גאַנצן לעבן מאָדנע פֿרעמד און נאָענט,
האָט זיך געזען אַ קינד אין וויטן שטעטל,
זיין מאַמען אין דער לייכטער זומער־ראָזקייט
וואָס יאָגט זיך נאָך מיט שוועבנדיקע טריט
און דריקט צום האַרצן אים, און שעפּטשעט: יאָסעלע,
און ווייטער פֿינצטערניש, און ווידער ראָזקייט.
דער חדר, רבי, און חברים, און דער ים,
אַ ברייטער, כוואַליענדיקער, ראָזער ים.
אַ נייע וועלט, די נייע שטאָט, די בערג,
די גרויסע און צעשוואָומענע און שווערע גויעטע.
אַ פּנימל אַ רויטס מיט ווייסע הערלעך
וואָס שפּילט זיך מיטן שוואַרצן הונט; דאַ־דאַ.
וואו האָט ער עס געזען? און דורך דער לאַנגער
און ראָזער שטילער אייביקייט, האָט ער
געהערט באַקאַנטע שטימען ווי דורך ווענט
פֿון גראָבן וואַסער: דאַכט זיך, ס'איז דער פֿעטער,
אָט דאַכט זיך רעדט די מומע, אָט זיין גויעטע.
נאָר ביסלעכווייז האָט זיך דאָס ראָזע ליכט
צו לעשן אָנגעהויבן: דער ראָזער וואָלקן
איז זיך צעשוואָומען אין אומענדלעכקייט,
און קלאַנגען האָבן זיך געלאָשן און קאַלירן.

... ס'איז געווען אַ ווינטערדיקער גרויער פֿאַרנאַכט,
ווען מען האָט יאָסלען צו קבר ישראל געבראַכט.
ס'איז געווען אַ מנין יידן. די מומע האָט געקלאָגט,
און דער פֿעטער האָט אויפֿן קבר קדיש געזאָגט;
און די דאַרפֿישע גויע, אויף דער האַנט דאָס קינד,
האָט געצלמט דעם קבר און געטענהט צום ווינט.

1921

# קענטאָקי

דאַכט זיך, ערגעץ וואו קלינגט נאָך אַ קייט,
און עס שמוצערט אַ בייטש אין דער לופֿט,
און אַ מענטש וואָיעט בייז ווי אַ הונט...

עמיץ שטשירעט די ציין אין זיין לייד,
אין זיין בליק בליצט פֿון שנאה דער רוף
און מיט וואָרעמען בלוט טריפֿט זיין וואונד.

נאָר עס שימערט אַ ליכטיקע זון
אויף די ביימער באַגאָסן מיט צוועט,
אויף דער ריינער און ליכטיקער גאַס.

אויף די פּנימער שוואַרץ ווי טשוגון —
און דער וואָרעמער דרום־ווינט גלעט
און דערטראָגט ניט קיין הויך פֿון דעם האַס...

.1918

א
## שבת־צו־נאַכט

אַז דזשאָרדזש נעמט אָפּ די וועכנטלעכע שכירות,
פאַרנעמט ער זיך צוריק צוערשט אין שטאַל,
געזעגנט זיך ביז מאָנטיק מיט די אייזלען.
עס גיט אַ שלאָג אויף אים מיט פרישן היי,
און מיט דער שאַרפער וואַרעמקייט פון פערד.
די גרויסע שטאַל איז פול און פריילעך לעבעדיק:
געוויס פאַרשטייען זיי, די קלוגע פערד,
אַז מאָרגן איז מען פריי פון בייטש און משא.
די ראָזע מיילער אַרבעטן געשמאַק,
די גרויסע געלע ציינער מאָלן האָבער,
די פייכטע נאָז־פליגל, זיי ציטערן און רויכן,
געקיצלט פון דעם שמעקעדיקן היי.
די אייזלען שטייען מיט אָנגעשפיצטע אויערן,
די עקן שמייסן און די מיילער מאָלן;
און דזשאָרדזש פאַרפירט מיט זיי אַ לאַנגן שמועס,
טרייבט אָפּ אַ פרעמדן פערד פון זייער האָבער,
און גלעט די גראָבע קורצהאָריקע פעלן.

אין דרויסן זינגט זיך דזשאָרדזש פונאַנדער אויפן קול:
ווייל, ערשטנס, איז ער תמיד אויפגעלייגט בטבע,
און, צווייטנס, איז עס שבת נאָך דער אַרבעט,
און, דריטנס, וואַרעמט אים דאָס ביסל געלט,
הגם אויף קורצע יאָר, איז זינגט ער הויך,
פאַרגייט זיך אויפן העכסטן פיינסטן שטייגער
אין קונציק־טרעלנדיקע נעגער־לידער,
מיט קנייטש און טראַפּ און דריידל און אַוואַיע.
אַ צוויי־דריי שוואַרצע קלייבן זיך אַרום,

אַ יונג הויבט אָן צו בלאָזן אויף אַ קעמל
און כאַפּט דעם ניגון איבער לעבעדיק —
און פּלוצים גייט דזשאָרדזש איבער אין אַ דזשיג.

דעם דזשיג פירט דזשאָרדזש אַזוי אַדורך: די ערד
הייבט אָן צו ברענען אונטער זיינע פיס.
דער גאַנצער דזשאָרדזש ווערט פּלוצים אומגעריכט,
איין פייערדיקער קנויל פון נערוון־שטריק.
עס דאַכט זיך, דזשאָרדזש שטייט אויפן אָרט און פליט.
ווען ניט דאָס קלאַפּן פון די פיס אָן גרונט,
וואָלט מען געמיינט אַז דזשאָרדזש שוועבט אין דער לופטן
אויף אומזעבאַרע דראָטן אויפגעצויגן.
דאָס רעדל קלאַפּט אין גרויסע שוואַרצע הענט,
דער שוואַרצער כליניעט זיך און בלאָזט אין קעמל
און ס'דאַכט זיך, אַז ער פּלאַצט אַוועק פון אָנשטרענגונג.
און דזשאָרדזש האַלט נאָך צום טאַקט מיט הענט און פיס,
מיט יעדן גליד פון צאַפּלדיקן קערפּער.
דאָס רויטע מויל מיט גלייכע שורות ציין
איז ראָז און ווייס צעעפנט ביז די אויערן,
די גרויסע אויגן־ווייסלעך ווערן גרעסער
מיט רויטע אָדערלעך אַדורכגעצויגן.
זיין מאַט־קאָלירטער פּנים פון טשוגון
ווערט גלאַנציק, און דאָס רעדל אַרום אים
פּאַטשט פייערדיק מיט אַלע לעצטע כוחות,
און ברומט פאַרדבקהט און מיט גרויס עקסטאַז:
הי־האַ, און הי־האַ־הי.

געענדיקט דזשיגן — דאַן פאַרנעמט זיך דזשאָרדזש
דורך אָפּגעלייגטע געסלעך צו דער שכונה,
וואו היברו־מאָוז טרייבט אָן געשעפט מיט אַלטוואַרג.
דאָס גייט ער אויסלייזן די זונטיקדיקע בגדים,
וואָס ער פאַרזעצט גאַנץ פּינקטלעך יעדן מאָנטיק.
ער ווייס פון אַלטער פּראַקטיק, אַז מען טאָר
צופיל ניט שפּילן זיך מיט געלט: ס'איז קיילעכדיק.
ער קריגט אַ וואַרעמען קבלת־פּנים:

די קליינע הינערישע אייגלעך פון דעם מאַוז
זיי הייבן אָן אַרומטאַנצן ווי מייזלעך,
ס׳פאַרשלאָפן פּנים ווערט אַלץ ליכטיקער,
און פון אַ קופּע אַלטוואַרג, צוגעפוילטע שיך
זינגט מאַוז אַרויס: הללויה, שאַך!
(הללויה — פון האַלאַ, פון נעגער — שחור,
פון שחור — שאַך), דזשאַרדזש שמייכלט אויפגעלייגט,
און ציילט די טאַלערס מאַוזן אויף דער האַנט,
און מאַוז פאַרבינדט די זונטיקדיקע בגדים,
באַגלייט פון טיר אַרויס דעם פיינעם שאַך
און ווינטשט אים צו אַ ברכה אויף דער פולער וואָך —
און דאָ ווערט דזשאַרדזש פאַרוואַנדלט אין אַ פּילגרים.

דאָס הייסט: ער גייט אַהיים צום ווייב, צו מעגין.
נאָר, מעשה שטן, זיינען אויפן וועג פאַראַן
אַזוי פיל לוסטיקע, מחיהדיקע פלעצער,
וואוהין אַריינצוגיין, אַז ס׳דאַרף אַ מענטש
זיין שטאַרק ווי אייזן ניט צו שטרויכלען אויפן וועג.
פון יעדן צווייטן הויז, אויף יעדן ראָג,
שטראַלט אויס מיט ציענדיקע זיבן ליכטער
פון טירן רויט־פאַרהאַנגענע און פענצטער.
די באַנדזשאָ קלינגט און רופט, און גוטע ברידער,
פאַרוויקלט אין אַ בלויען וואָלקן רויך,
זיי זיצן ברייט צעלייגט אַרום די טישלעך
און לאָזן זיך לכבוד זונטיק וואוילגיין,
מען שפּילט אין קאָרטן און מען וואַרפט אין וועריפּלעך,
עס גייט די פּאַרע אויף פון ביר און בראָנפן
און ס׳קיצלט מיט דעם ריח פון דער שטאָל.

דאָס שפּיל איז אייגנטלעך ניט אויף געווינען:
נאָר יענער, וואָס פאַרלירט דעם קאָן, באַדאַרף
מכבד זיין דעם עולם אויף דאָס ניי.
איז גייט עס רונד נאָך רונד, וואָס ווייניקער דאָס געלט,
אַלץ פריילעכער ווערט דזשאַרדזש און לוסטיקער.
דער קליינער שטערן גלאַנצט, די ווייסלעך בלאַנקען,

דאָס מויל פֿאַרמאַכט זיך ניט אויף איין מינוט,
די צונג איז לעז, און שטעכט זיך גוטמוטיק,
דאָס ביר איז קאַלט, דער בראָנפֿן צופּט און ברענט.
אַ שאָד נאָר וואָס די נאַכט פֿאַרשווינדט צו שנעל,
די גאַסן ווערן שטיל און אויסגעשטאָרבן,
און ווען עס שליסט זיך צו דער לעצטער שענק,
פֿאַרנעמט זיך דזשאָרדזש אַהיים שוין אויף אַן אמת.

די „היים" שטייט ווייטלעך אָפּגערוקט פֿון שטאָט
צווישן נאָך אַזעלכע חורבות־היימען,
וואָס טוליען זיך צו אַלטע וויסטע שטאַלן.
די ווענטלעך זיינען קרום און דורכגעפֿוילט,
די פֿענצטער זיינען אין דער ערד פֿאַרוואַקסן,
דער דאַך איז לעכערדיק, און שפּעט אין האַרבסט,
ווען ס'הייבן אָן די רעגנס גיסן, טענהט מעגי,
אַז זי האָט מורא, ווען עס איז אַוועקצושווימען.
אויף דעם זאָגט דזשאָרדזש: ער האָט ניט אַזאַ מזל,
ער האָט נאָך ניט געזען אַן עלפֿאַנט שווימען
און ניט געהערט אַזוינס. נאָר אפֿשר, זאָגט ער,
איז זי אַ היפּאָפּאַטאַמוס, און די היפּאָ־קו
קאָן דוקא יאָ שווימען. זאָגט מעגי: ווען זי וואָלט
געווען אַ היפּאָ, וואָלט זי אַזאַ נעגער
פֿאַרשלונגען פֿריער און דערנאָך אַרויסגעשפּיגן;
אַן אָנשטענדיקע היפּאָ, זאָגט זי, וואָלט זיין פֿלייש
אין מויל ניט נעמען. לאַכט דזשאָרדזש גוטמוטיק,
און מעגי טרייסלט מיטן שווערן גוף,
פֿאַרגייט זיך לאַכנדיק אין הויכן קוויטש.
דאָס פּנים גלאַנצט אין שוואַרץ, די ציינער בלאַנקען,
די אויגן בלינצלען ווייסלענדיק און קוועלן,
די שווערע אוירינגלעך זיי קלינגען מיט;
עס טרייסלען זיך די דינע קרומע ווענט,
עס טרייסלען זיך די בענקלעך און דער טיש,
און ס'טוט דער דאַך דאָס זייניקע — ער רינט.

אַז דזשאָרדזש דערגייט דעם לאַנגן וועג אַהיים —

דערוויסט ער מעגין וואַרטנדיק אויף אים.
אַזאַ פֿאַרשאָלטענע טבע האָט זי: שבת נאַכט
מוז זי אָפּריער וויסן פֿון אַ חשבון —
הגם זי וויס פֿאַרויס דעם חשבון ביז אַ האָר.
זיין אָנקומען אין הויז קומט פֿאָר אַזוי:
ער עפֿנט פֿאָרזיכטיק די טיר און הערט זיך צו,
ער שטעקט אַריין דעם קאָפּ, און כאַפּט אים פֿלינק צוריק,
ווי ער וואָלט מורא האָבן, עפּעס האַרטס
זאָל אומגעריכטערהייט אין קאָפּ ניט פֿליען.
נאָר אַז דער שונא זיצט געמיטלעך אויפֿגעלייגט,
און גלעט די קאַץ, וואָס דרעמלט אין איר שויס,
די קינדער מיט די קעפּלעך קרויזן דראַט,
זיי כראָפּען פֿרידלעך פֿונם בעט אַרויס —
שטופּט דזשאָרדזש צוערשט אַריין דעם פּעקל בגדים,
דערנאָך באַווייזט ער זיך אין טיר אין פֿולער לענג.
די אויגן טאַנצן אומרואיק אין איטלעך ווינקל,
דאָס מויל איז אויפֿגעריסן אין אַ שמייכל —
און דאָ קומט פֿאָר אַזאַ מין דיאַלאָג:

מעגי:

גוט ב׳אָוונט, ניגער, נו, געבראַכט די הויזן?

דזשאָרדזש: (שווייגט און שמייכלט)

מעגי:

אַוודאי אָנגעבראַכט אין פּאַק פֿון אַלדאָס גוטס:
די פֿיינע, פֿעטע הון, דאָס ביסל שנאַפּס,
די ווייב זאָל אויך הנאה האָבן, ניין, וואָס דען?
אָהאָ! איר דזשאָרדזש ווייס גוט מען קאָן קיין מיטאָג
פֿון זונטאָגדיקע הויזן אויך ניט קאָכן.
ווי קומט עס וואָס ער איז היינט אַזוי פֿרי?

דזשאָרדזש:

אַבי ער האָט געמיינט, ער האָט געהערט
די ערשטע הענער, קרייענדיק, און שוין.

מעגי:

װען מאַסאַ לינקאָ׳ן װאָלט אַהער געקומען,
װאָלט ער דעם ניגער אױפֿן מיטן מאַרק
אַרױסגעפֿירט, אים צוגעבונדן צו אַ סלופּ
און װאָלט זײַן שװאַרצע פֿעל אַראָפּגעשונדן,
און זי װאָלט צוגעקוקט און זיך געפֿרײט.

דזשאַרדזש:

בײַ לײַטן, אַז אַ מאַן קומט שבת־נאַכט
אַהײם פֿון אַרבעטן, איז יום־טובדיק אין הױז:
דער טיש איז גרײט, די צוגעברױנטע הון
שװימט אום אין פֿעטס און גרינס און זיסע בולבעס,
די װײַב איז יום־טובדיק און גוט צום מאַן —
און דאָ בײַ אים ברענט העל־פֿײַער אין הױז.

און דאָ װערט מעגי װײכער, אײַנגעהאַלטענער,
און אײדער זי האָט צײַט זיך דורכצורײדן,
איז דזשאַרדזש, איר מאַן, אין בעסטן טיפֿסטן שלאָף.

ב

## אַ מיטװאָכדיקע גאָטעס־דינסט

אין קלײנעם קירך־הױז, האַלב אין דר׳ערד פֿאַרזונקען,
איז אָנגעגאַנגען הײס די גאָטעס־דינסט;
עס האָט געשװיצט דער נידעריקער סופֿיט,
די שמוציקע אין בלױ־געפֿאַרבטע װענט,
און די קאַלירטע גלעזלעך אין די פֿענצטער.
די פֿלעמלעך פֿון די געז־רערן און ליכט,
זײ האָבן בלײך געצאַפּלט און געציטערט,
פֿאַרשװאומען אין געדיכטע הײסן נעפּל.
עס האָט געשמעקט מיט שװײס, מיט בראָנפֿן, מיט פּאַרפֿיום,
מיט פֿערד, מיט הון, מיט פֿאַרבן און מיט װײַראַך.

די ברידער, מיט דעם ביז צום גרונט געשוירן האָר,
די רעק אָראָפּגעוואָרפן און צעפּלאָמט;
און פון די שוועסטער האָט געטריפט דאָס פאַרב,
געשלענגלט זיך אין רויטע ריטשקעלעך,
געשטרייפט די פּנימער און העלדזער אויסטערליש.
מען האָט געזונגען. מאַן און ווייב און קינד.
פון פּליסנדיקן הייס־צעפּלאָמטן נעפּל
געבלאַנקט האָבן די רייען ווייסע ציין
און רויטלעך מאַטע גאָמען איינגעפּאַסט.
די גרויסע אויגן האָבן ווילד געגלאָצט,
געראָלט זיך ליידנשאַפטלעך צו דעם באַלקן.
טשוגון און בראָנז און קופּער האָבן זיך צעבערענט
מיט הויכע באַק ביינער, עקשנותדיקע שטערנס,
און אין דעם ברייטן נידעריקן הויז
געפּלייצט האָט הייס און קאָכיק דאָס געזאַנג:

גיט מיר דעם אַלטן אַמאָליקן גלויבן,
גיט מיר דעם אַלטן אַמאָליקן גלויבן —
עס איז גוט גענוג פאַר מיר.

עס איז גוט פאַר די קינדער ישראל,
עס איז גוט פאַר די קינדער ישראל —
און ס'איז גוט גענוג פאַר מיר.

ס'איז געווען גוט פאַר פאול און סיילאַס,
ס'איז געווען גוט פאַר פאול סיילאַס, —
און ס'איז גוט גענוג פאַר מיר.

וואָס איז גוט ווען די וועלט איז אין פלאַמען,
וואָס איז גוט ווען די וועלט איז אין פלאַמען —
און איז גוט גענוג פאַר מיר.

וואָס איז גוט אין די שעה פון דאַרבן,
וואָס איז גוט אין די שעה פון שטאַרבן —
און איז גוט גענוג פאַר מיר.

טאַ גיט מיר דעם אַלטן אַמאָליקן גלויבן,
גיט מיר דעם אַלטן אַמאָליקן גלויבן —
עס איז גוט גענוג פֿאַר מיר.

דאָס ליד האָט מען געזונגען אין עקסטאַז,
וואָס ווייטער העכער, שטאַרקער, פֿלאַמיקער.
געענדיקט איינמאָל — אָנגעהויבן פֿון דאָס ניי,
מיט מערער פֿרישקייט און מיט מער התלהבות.
און זינגענדיק אַזוי איז מען אַריין אין טאַנץ;
די הייסע מאַסע זינגעוודיקע פֿלייש
האָט אין איין גרויסן קנויל פֿון לײדנשאַפֿט
זיך אויסגעפֿלאָכטן און צונויפֿגעקלאַמערט,
און הענט אויף שולטער, ברוסט צו ברוסט געדריקט,
דער אָטעם גיריק אָפּגעהאַקט און שווער,
די אויגן פֿעסט צונויפֿגעפּרעסט אַנטציקט,
האַלב־וואַכעדיק, האַלב־שלומערדיק אין נעפּל.
די אוירינגען און אָרם־בענדער פֿון די ווייבער,
זיי האָבן שווער און רייצנדיק געקלונגען,
די רויטע ליפּן האָבן ברענענדיק געשמאַכט
און אויפֿגערעגט האָבן די נאָז־פֿליגל געציטערט,
דערנאָך האָט מען אַ צווייט געזאַנג פֿאַרצויגן,
אַ צווייט געזאַנג, אַ נאָגנדיקס און שטילס:

אָ, מרים, ניט באַדויער און ניט וויין,
אָ, מרים, ניט באַדויער און ניט וויין,
פּרעהס חיל איז דערטרונקען,
אָ, מרים, וויין ניט מער!

אָ, ווי איך באַגער צו זיין ווייט פֿון דאַנען,
שטיין אויף יענעם ברעג וואו משה איז געשטאַנען, —
פּרעהס חיל איז דערטרונקען —
אָ, מרים, וויין ניט מער!

ווייט־ווייט דאָרטן זע איך ווי אין טרוים
מלאכים שוועבן אויפֿן קאַרשנבוים.

פרעהס חיל איז דערטרונקען —
אָ, מרים, וויין ניט מער!

און אַז עס איז געקומען צו די ווערטער:
„גראָבט מיין קבר מיט אַ רידל פֿון גאָלד,
„לאָזט מיך אַרונטער אויף קייטן פֿון גאָלד" —
איז די באַגייסטערונג אַזוי געשטיגן,
אַז טרערן האָבן זיך געגאָסן פֿון די באַקן,
און מענטשן האָבן פֿריידיק אויפֿן קול געשלוכצט,
און מענטשן זיינען פֿון די פּיס געפֿאַלן
געשלאָגן זיך אָן דיל, פֿאַרגלייזט די אויגן
מיט ווייסן שוים אַרום די שוואַרצע מיילער,
געקלאַפּט זיך אין דער ברוסט מיט אַלע כוחות
און זיך פֿאַרגאַנגען אין אַ ברומיקן געזאַנג:

גראָבט מיין קבר מיט אַ רידל פֿון גאָלד,
לאָזט מיך אַרונטער אויף קייטן פֿון גאָלד —
פרעהס חיל איז דערטרונקען —
אָ, מרים, וויין ניט מער!

ג

## טאַמאַם

ווען ברודער דזשאָרדזש און שוועסטער מעגי האָבן
צוריק דערכאַפּט דעם אָטעם אויף דער לופֿט —
איז זיינען זיי צוערשט געגאַנגען שטיל און פֿרום.
דער הימל איז געווען טיף און אויסגעשטערנט,
דאָס ווינטל פֿון סוף זומער האָט געגלעט,
די בלעטער־ביימער האָבן צווישן זיך גערעדט,
און גרילן האָבן האָפֿערדיק געקלאַפּט.
געוויס וואָלט דזשאָרדזשן גוט געטאָן אַ גלעזל ביר,
אויף זיין פֿאַרשרהפּהט און פֿאַרטריקנט גומען;
ווען מעגי איז ניטאָ — וואָלט ער געוויס

אַריינגעכאַפּט זיך אין אַן אָפֿן שענקל.
נאָר גיי און העלף זיך — אַז דאָס גייט און פֿרייכט,
און הענגט זיך אויף זיין האַנט, און פֿייפֿט און סאָפּעט.
אַן עכטער לאַקאַמאָטיוו — טראַכט זיך דזשאָרדזש.
און דאָ ווערט פֿול זיין האַרץ מיט גרויס פֿאַרדרוס.
עס קומט אים ברודער טאָמאַס אויפֿן זין
אַ גלאַנציקער, אַ שמעקעדיקער אויסגעפּוצט
מיט גרויסע רויטע שטרייפֿן אויפֿן העמד.
און ער דערפֿילט, עס שלאָגט אים צו חלשות.
ער שפּייט זיך גיפֿטיק אויס, און הייבט אָן ברומען,
צוערשט פֿאַר זיך, דערנאָך אַ ביסל העכער,
אַזוי אַרום מיט די ווייטע הינטערוועגלעך.
אַ שטייגער, פֿרעגט ער תמימותדיק, נאָך וואָס
באַדאַרף מען אין דער קירך אַזעלכע מענטשן,
וואָס האָבן קיין רעליגיע ניט אין האַרצן?
למשל, זאָגט ער, נעם דעם ברודער טאָמאַס:
דער ניגער קומט אין קירך אַריין, ניט דאַוועגען,
ער קומט אַראָפּפֿירן פֿון וועג די ווייבער.
דאָס גייט אום שלינג־און־שלאַנג, און וויל ניט אַרבעטן,
אין קעסט אויף פֿרעמדע מענערס האַרעוואַניע.
דעם ניגער, זאָגט ער, דאַרף מען נויטיק לינטשן.
למאי, זאָגט ער, האָט ניט דער ניגער חתונה,
און נעמט זיך ניט אַן אייגן ווייב פֿאַר זיך?
ער וואָלט פֿאַרשפּאָרט צו גלאָצן זיינע בולבעס,
און קנייפּן פֿרעמדע ווייבער אין דער קירך.
אים נאַרט מען ניט, ער זעט.
זאָגט מעגי גלייכגילטיק:
אַז, ערשטנס האָט איר טאָמאַס ניט געקניפּן,
איר קנייפּט מען ניט אין קירך, זי קומט דאָרט דאַוועגען.
נאָר אויב איר ניגער זעט אַזעלכע זאַכן,
איז דאָס אַליין אַן אויסגעפּרוואווטער סימן,
אַז ער אַליין האָט אויך ניט קיין רעליגיע.
אַ מענטש, זאָגט זי, וואָס קומט אין קירך צום דאַוועגען
דאַרף קוקן אינם בוך אַריין, און ניט
אין פֿרעמדע הענט. דאָ ווערט שוין דזשאָרדזש ברוגז:

רעליגיע הײנט, זאָגט ער, רעליגיע מאָרגן,
מעג טאָמאָס זײַן אַ צדיק װי סײנט דזשאָן,
נאָר אויב דער ניגער װעט אַריבערגײן זײַן שװעל
װען ער, דזשאָרדזש װאַשינגטאָן, איז אין דער הײם ניטאָ —
װעט ער אים איבערברעכן בײדע פּיס;
די הענט, זאָגט ער, װעט ער אים לאָזן גאַנץ,
כדי דער זון פֿון שװאַרצן הונט זאָל האָבן
מיט װאָס צו שפּילן אויפֿן פֿידעלע אין מאַרק.
פֿאַר פּרעהס פּעטע קו — דאָס מײנט ער מעגין —
װעט זײַן געננוג די לאַנגע װײכע בײטש;
אַזוי װי עס איז גוט פֿאַר זײַנע אײזלען
װעט עס אַװדאי זײַן אויך גוט פֿאַר איר.

נאָר טאָמאָס האָט זיך װיניציק װאָס געשראָקן:
ער האָט זיך שטאַרק פֿאַרלאָזט אויף זײַנע פּיס,
ער האָט געגלויבט, זײ װעלן אים בשלום
אַרױסטראָגן פֿון יעטװעדער געפֿאַר.
קלאַפּט דזשאָרדזש אין פֿאָדער־טיר, איז דאָ אַ הינטער־טיר,
אַ פֿאַרקאָן איז געמאַכט אויף דעם צו שפּרינגען.
פֿאַראיבל האָבן איז ניטאָ אויף װאָס —
אַ מאָלע װאָס אַ מענטש רעדט אויס אין הײסן בלוט?
קײן בעלן אויף צו אַרבעטן איז טאָמאָס ניט.
פֿאַרקערט, זאָגט ער, אַ מענטש איז ניט קײן אײזל,
נאָר אויב אַ ניגער גלוסט זיך דוקא גײן אין שפּאַן,
טאָ זאָל אים װאויל באַקומען. אים, זאָגט ער,
איז ניחאָ אָפּצוקומען װי עס גײט.
איז װאו נאָר עס איז דאָ אַ מאַן װאָס אַרבעט,
הענגט טאָמאָס דאָרט און הױערט אַרום װײב,
און דוקא װען דער מאַן איז אין דער הײם ניטאָ.
הײנט מעגי, מאָרגן פּעגי — און װער נישט?
בײ זײ איז טאָמאָס גאָר אַן אָנגעלײגטער גאַסט:
װײל, ערשטנס, איז דער טאָם אַ יונג מיט בײנער,
איז פֿעפֿערדיק און װיצלדיק און שאַרף,
און נעמט ער נאָכמאַכן די שכנים פֿון אַרום,
אַ שטײגער, װי צװײ נעגערס קריגן זיך אין שענק,

ווי דזשאָרדזש טרייבט אָן און שמועסט מיט די אייזלען,
צי ווי דער רעווערענד קלאַפּט זיין בויך אין קירך —
איז שטייען זיי פֿאַר אייך ווי לעבעדיק,
ווי איר אַליין וואָלט דאָרט געווען און צוגעזען.
דערצו האָט טאָמאָס גאָר אַן אַנדער מעלה:
ער האָט אייך ליב צו צאָלן פֿאַר אַ טובה,
און יענע הויז וואו ער איז אַן איינגייער,
איז פֿול מיט גוטע זאַכן, ווי אַן אויג.
אַז טאָמאָס לאָזט זיך אויס דער שטאָט שפּאַצירן,
פֿאַרגעסט ער ניט זיין זעקל מיטצונעמען,
און וואו ער ציט אַדורך, שפּאַצירנדיק, וועט שוין
קיין גראָז ניט וואַקסן. שטייט אַן עפּל־בוים
צו נאָנט צום פּאַרקן, פֿוילט זיך טאָמאָס ניט
דעם בוים אַ טרייסל טאָן, דאָס נעמלעכע
מיט באַרן, אַפּריקאָזן און מיט ווײַנשל,
ער גראָבט אָן, מעשה באַלעבאָס, די פֿיינע בולבעס,
אַ בוריק און אַ ציבעלע, אַ קעפּל קרויט:
אַ הון, אַן ענטל, אַז זי האָט פֿאַרבלאָנדזשעט,
געפֿינט איר רו ביי טאָמאָסן אין זאַק.
אַזוי אַ גייט אים. טאָמאָס ווינצלט זיך,
אַז ווערדליק נאָך דער שפּע פֿון קענטאַקי
קען ער מפֿרנס זיין אַ צענדליק ווייבער,
און ניט נאָר איינע.
דזשאָרדזש אָבער איז ניט נתפּעל,
פֿון טאָמאָסן און זיינע זיבן מעלות.
ער האָט זיך איינגעעקשנט ווי אַן אייזל:
ער וויל ניט טאָמאָסן ביי זיך אין הויז,
און וויל ניט זיינע טובות און דאָס גאָר.
ווי ער דרינגט איז דער ניגער גאָר אַ פֿייגלינג:
אַ קונץ, זאָגט ער, אַ מענטש האָט פֿלינקע פֿיס,
איז דאָך אַ האָז נאָך פֿלינקער פֿון דעם ניגער.
למאי, זאָגט ער, וואָס שטעלט ער זיך ניט אָפּ
און וויל ניט אויסהערן זיין אַרגומענט —
און טאָקע איינמאָל וויסן וואו מען האַלט?
האָט טאָמאָס געשיקט זאָגן: ס׳איז ניט נויטיק,

ער ווייס אַליין, זאָגט ער, וואו ער האַלט,
און אַרגומענטן וויל ער ניט פֿאַרפֿירן
מיט איינעם וואָס איז אים אַ נאָנטער מענטש.
און מעגי זאָגט: דער ניגער קריכט אויף גלייכע ווענט.
דאָס שפּרינגט ער אויס דער שוואַרצער הויט פֿון וואוילטיק.
דעם ניגער דאַרף מען שמייסן מיט דער בייטש
ביז ס'וועלן אים די נאַרישקייט אַרויס פֿון קאָפּ.

ד

## „טהענקסגיווינג"

דעם גאַנצן טאָג האָט וויִ פֿון זיפּ געשאָטן
אַ קלענער און פֿאַרביסענער און קאַלטער רעגן
פֿון נידעריקן מוטנע־גרויען הימל.
דער ברוק און אַספֿאַלט האָבן זיך באַגלאָזט,
און דזשאָרדזשעס שווערע אייזלען און געשפּאַן,
זיי האָבן מער געגליטשט זיך ווי געגאַנגען.
די בייזע נעץ האָט זיך אין ביין פֿאַרקליבן.
דער ווינט האָט בייז געשמיסן אין זיין פּנים,
די בייטש איז נאַס געווען און קאַלט געפֿרוירן
און האָט געגליטשט זיך ווי אַ שלאַנג פֿון האַנט.

דערפֿאַר, אַז דזשאָרדזש איז נאָך דעם שווערן טאָג
אַריינגעפֿאַלן אַ דערפֿרוירענער אין הויז —
איז ער פֿאַרגאַפּט געבליבן אויפֿן שוועל.
דער קוילן־אויוון האָט געברענט צעברענט:
איין גרויסע רויטע פֿייערדיקע קויל.
דאָס שטיבל איז געשטאַנען אין אַ נעפּל —
עס האָבן זיך ביי אים די נאָז־פֿליגל צעשפּילט
פֿון הייסע שאַרפֿע ריחות פֿון געבראָטנס.
ס'איז גאָר צוערשט פֿאַר אים אַרויסגעשוואומען
דער טיש געדעקט מיט אַ געפּרעסטן טישטוך
באַלאָדן און באַשמעקט מיט אַלדאָס גוטס:

דער פֿײַנער אינדיק האָט אַרויסגעשמעקט
און האָט אַרויסגעלויכטן גאָלדיק־ברוין
מיט קלאָרע טראָפּן פֿעטס אַזוי ווי פּערל;
און האָזן, פּונקט ווי לעבעדיק, מיט אַלע גלידער,
זיי זײַנען ווי פֿאַרגליווערט שפּרינגענדיק
געבליבן שטעקן צווישן ברוינע בולבעס
און כל־המינים לעבעדיקע גרינסן.
די זויער־זיסע זאָפּט פֿון זשוראַווינעס
האָט אים זײַן מויל געמאַכט צו וואַסערן.
און ס׳האָבן פֿון געפּלאָכטן קאָרב געלויכטן
די רויטע גרויסע עפּל און אָראַנזשן
און קילע ריחות אין דער היץ פֿאַרשפּרייט.
און אויף דער ערד, פֿון טיפֿן קובל פֿונם גרעט,
מיט העלדזער אויסגעשטרעקט, שערענגעסווייז,
אַזוי ווי זעלנער, האָבן פֿלעשער ביר
אַרויסגעקוקט פֿון אָנגעבראָקטן אײַז.

נאָר איידער דזשאָרדזש איז נאָך צו זיך געקומען
האָט עפּעס אים אַ זעץ געטאָן אין האַרצן,
אַז ער איז שטיין געבליבן אַ פֿאַרצאַפּלטער:
אויף דעם טאַפּטשאַן ביים ריין געדעקטן טיש,
דאָרט האָט דאָס קליינוואַרג מיט צעבליצטע אויגן,
מיט פֿליענדיקע דראָט־געקרויזטע קעפּלעך,
זיך מיט דעם אָנקל טאָמאַסן געשפּילט.
דער ניגער זיצט זיך אויסגעפּוצט און שמעקט,
ווי ניט אים מיינט מען עס, און ראָלט די ווייסלעך.
איז דזשאָרדזש אַזש אָפּגעשפּרונגען אויף צוריק:
מען וועט אים, טראַכט ער, אָפּטאָן דאָ אַ שפּיצל,
נאָר דאָ איז מעגי ווי אַ שיף אַרויסגעשוואומען,
פֿאַרפֿלאָמט און גלאַנציק, שמייכלענדיק אָפֿער
אויף אַלע ציין און רויטלעך ווייסע אויגן:
אַז ברודער טאָמאַס האָט באַוויזן פֿײַנקייט,
האָט אָנגעבראַכט אין שטוב פֿון אַלדאָס גוטס —
האָט זי זיך דורכגעטראַכט: ס׳איז מער ניט רעכט
ער זאָל פֿון אַלעם דעם שוין אויך געניסן.

און סתם וואָס איז עס פֿאַראַ גאַנג זיך בלאָזן ?
אַ מענטש איז ניט קיין אינדיק, ס׳איז שוין צייט
זיך איבערבעטן.

דאָ האָט טאָמאָס זיך צערעדט.
ער ווייס ניט, זאָגט ער, וואָס און ווייס ניט ווען,
פֿאַר וואָס מען זאָל זיך קריגן צווישן ברידער.
מסתמא, זאָגט ער, האָט ער גענוג שונאים,
און מאַלע וואָס די בייזע צינגער ריידן,
ווי ס׳שטייט געשריבן אינם הייליקן בוך :
„צווישאַרפֿיק שווערד איז זייער צונג". ער האָט
שוין לאַנג, זאָגט ער, געוואָלט צו׳ן אים אַריינגיין,
אים עפֿענען די אויגן, דזשאָרדזש זאָל זען,
אַז ער איז אים אַ פֿריינט. און וואָס איז שייך,
די אַלע פֿיינע זאַכן אויפֿן טיש,
זאָל מעגי אים צוליב טאָן, און דערפֿון
קיין גרויסן ווען מאַכן, ס׳איז ניט ווערט
דאָס צו דערמאָנען גאָר, ער איז ניט אויסן געלט,
און צווייטנס, קריגט ער עס בחצי חנם,
און טאַקע צוליב דעם האָט ער געבראַכט
דעם גוטן ווייסן טרונק „לבנה־שיין"
מען זאָל גוטברודערשאַפֿט מיט דעם באַנעצן
און זאָל זיין שלום אויף דער וועלט.

האָט דזשאָרדזש געטראַכט :
דער ניגער חנפֿהט זיך צו מיר צו שטאַרק,
און מאַכט זיך ווי געפּגרט, וויל מיך נאַרן.
דערווייל בין איך דאָ אָבער באַלעבאָס...
און אידער וואָס און ווען באַדאַרף מען עסן.
האָט מען זיך צוגעזעצט צום פֿיינעם טיש,
צוערשט האָט מען געמאַכט דעם גוטן שנאַפּס,
זיך צוגעקלונגען, צוגעפּאַטשט די ליפּן,
דערנאָך האָט מען גענומען זיך צום רייבן :
דאָס גאַנצע הייסע הייזל האָט געקלונגען
פֿון טעלער און פֿון מעסער און פֿון ציינער,
די אָפּגעלעקטע ביינער זיינען צו דער קאַץ
אויף דר׳ערד געפֿלויגן ; גרויסע טראָפּנס שווייס

געשטאַנען זיינען אויף די קאַרקן און די שטערנס;
און פֿנימער האָבן געגלאַנצט ווי אָפּגעפּוצט.
דעם ערשטן הונגער איינגעשטילט, האָט מען דאָס אַלץ
אַראָפּגעשווענקט מיט שוימיק־קאַלטן ביר,
דערנאָך זיך ווידער צוגעקלונגען מיטן שנאַפּס,
און ווידער זיך גענומען צו דעם עסן,
און דאָ איז דזשאָרדזש געוואָרן האַרציקער,
און טאָמאַס האָט גענומען אויסגיסן פֿאַר אים
זיין אָנגעווייטיקט האַרץ. ער ווייס, זאָגט ער,
עס איז קיין תּכלית ניט אַזוי צו לעבן,
אַ הונט אַפֿילו האָט אַ שטיקל היים,
און ער, אָ, שלעפּט זיך אום אַ נע־ונדניק
און האָט קיין דאַך ניט איבער זיך. ווי לאַנג,
איז דאָס דער שיעור, פֿרעגט ער, אַזוי זיך פּלאָגן?
צי אפֿשר ווייס ער, דזשאָרדזש, פֿאַר אים אַ מיידל,
אַ שטילס, אַ גוטס, געלט שפּילט ביי אים קיין יחוס,
דער עיקר איז ביי אים אַ שטילע היים,
וואו ער זאָל זונטיק זיצן ביי זיין פֿייער,
און לייענען דאָס הייליק וואָרט פֿון ביבל.
און דאָ לאָזט טאָמאַס שטיל דעם קאָפּ אַרונטער,
און גיסט מיט גרויסע טרערן, ווי אַ ביבער.

דאָס קליינוואַרג איז דערווייל צעפּאַלן איינציקווייז,
פֿאַרשלאָפֿן זיך דערשלעפּט צו זייער ווינקל;
אין דרויסן האָט געוויינט דער נאַסער ווינט,
געפּויקט מיט בריזגעס צוגעפֿרירטן רעגן
אין דאַך אַריין און אין די קליינע שייבלעך.
דער איוון האָט געברענט, און ס'האָט דער בלויער רויך
פֿון שטאַרקע שמעקעדיקע פּייפּס געקרייזט זיך,
געוועלבט זיך שווימענדיק אַרום סופֿיט.
מען האָט געקושט זיך, און געטרייסט זיך, און געוויינט
און באַלד דערויף צעגאַנגען פֿאַר געלעכטער.
דערנאָך האָט מען געזונגען מיטן פֿולן מויל:
צווערשט די פֿייערלעכע לידער פֿון דער קירך,
פֿון גיהנום און גן־עדן און מלאכים,

פֿון הייליקן סיינט פּיטער, וועלכער שטייט
ביים שוועל פֿון הימל מיט אַ בלאַנקער שווערד
און לאָזט די פּריצים אין די ווייכע וויג־שטולן
אַהין ניט צוקומען.

דערנאָך האָט מען
געזונגען זיסע, לאַנג צעצויגענע נגונים
פֿון אומגליקלעכער ליבע און פֿון נעגער־וויי.
דאָס ליד פֿון דער געליבטער וואָס באַקלאָגט
דעם פֿרי־געלינטשטן „איזי־בריזי דזשאָן".
און דאָס באַרימט און קאָמיש־לוסטיק ליד
„פֿון פֿערד און פֿון פֿליג און די צוויי קליינע מייז,
וואָס זיצן אין אַ ווינקל און שפּילן אין דאַיס".
און צווישן איין געזאַנג און ביז דעם צווייטן
האָט מען זיך צוגעוואונטשן און געטרונקען.
די פּנימער האָבן געברענט ווי פֿייער,
די אויגן האָבן ווילד און הייס צעשפּילט זיך,
געגליט ווי הייסע לעבעדיקע קוילן.

און ווען דער לאָמפּ צום סוף איז אויסגעגאַנגען,
און ס'האָט זיך איינגעשטילט דאָס גרויס געשריי —
האָט בלויז דער הייסער אויוון רויט געשיפּעט,
געוואָרפֿן רויטע שטיקער אויף די ווענט
און אויף קורטשאַווע שוואַרצע שאָטנקעפּ.
עס האָט די שטוב געקרעכצט מיט הייסע קלאַנגען,
מיט לעכצנדיקן שאָרכן און געברום.
און שאָטנס האָבן ווי אין פֿיבער זיך געוואָרפֿן,
פֿאַרכאַפּט אין ברומיקן און רויטן נעפּל.
און אין די פֿענצטער האָט געקוקט די נאַכט:
געקלאַפּט מיט רעגן־פֿינגער אין די שויבן,
געפּייפֿט מיט הילכיק־קוויטשנדיקע ווינטן,
און האָט דעם רויטן נעפּל איינגעשלעפֿערט.

דעצעמבער, 1920.

# דאָס ייִדענע העמד

האָט טאָם געהאַט אַ העמד פֿון שווערן זייד —
האָבן אים געמעגט מקנא זיין אי גאָט אי לייט.
האָט דאָס דער רויטער שטרייף געבלענדט דאָס אויג,
געדיכט און רייך האָט עס געשטראַלט מיט יעדן בויג.
און ווען ער טוט אַריינקומען אין קירך אַ נאַכט —
האָט ער ניט איינעמס פֿרעמדנס ווייב געבראַכט
צו זינדיקע מחשבות אין גאָטס הויז.
נאָר טאָמאָס האָט זיך ניט געמאַכט דערויס,
ער פֿלעגט, ווי אומגערן, צעשפּיליען זיך דעם ראָק,
אַז ס'זאָל דער זייד נאָך מערער טאָן אַ שלאָג.
די מאַנען פֿלעגן קרימען זיך, און קוקן בייז,
די בלוטן פֿלעגן זיך צעשפּילן הייס,
און ווינטשן טאָמען ברעכן רוק און לענד
צוזאַמען מיט דער פֿיינער בליצנדיקער העמד.

איז טאָמאָס איינמאָל, אין אַ בייזער שעה, אַרויס
און האָט פֿאַרזעצט דאָס העמד ביי היברו־מאָוז.
איין וואָך, אַ צווייטע, און אַ דריטע איז אַוועק —
און ס'הענגט דאָס העמד פֿאַריתומט אויפֿן טשוועק.
שוין לאַנג פֿאַרשפּעטיקט און פֿאַרלאָפֿן דעם טערמין —
און ס'הענגט דער עסק, ניט אַהער און ניט אַהין,
דאָס העמד איז זיך געהאַנגען עלנד און אַליין.
האָט מאָוז גענומען שילטן טאָמאַסעס געביין:
דער נעגער איז ווי אויסגערונען פֿון דער ערד,
פֿאַרטרונקען ס'געלט, און ניט מען זעט, און ניט מען הערט,
ביז איינמאָל האָט זיך דזשאַרדזש אין קראָם אַריינגעכאַפּט:
געשמעקט אַהער, געשמעקט אַהין, באַטאַפּט,
דערקענט דעם נעגערס העמד, און האָט זיך אַזש צעשיינט —

וועט איינס פֿאַר אַלעמאָל זיך אָפּרעכענען היינט.
ס׳וועט זיין מיט וואָס זיך אויסצורימען פֿאַרן ווייב,
און געבן טאַמאַסן איןביין אַ גוטן רייב.
געמאַכט זיך כלומרשט גלייכגילטיק, גערעדט
פֿון פּוסטע זאַכן, אָפּגעלאַכט, געשפּעט,
געקאַטשעט זיך מיט האָרץ פֿון זיינע קלוגע רייד,
און פּלוצים אָנגעכאַפּט דעם מאָוז גאַר אומגעריכטערהייט,
ווען יענער האָט געמיינט, ער דולט אומזיסט דעם קאָפּ,
באַטאַפּט דאָס העמד מיט בטול, פֿון אויבן אַראָפּ:
אַ שטייגער, וויפֿיל איז די שמאַטע ווערט?
און ווי נאָר דזשאָרדזש האָט פֿון דעם פּרייז געהערט
האָט ער, צו מאָוזעס איבעראַשונג, ניט געקלערט,
זיך ניט געדונגען, און באַצאָלט גלייך אויפֿן שטעל.
איז מאָוז געבליבן שטאַרק פֿאַרחידושט: וואָס אין העל,
איז מיטן נעגער היינט ביינאַכט דער מער?
צי האָט ער ניט געלאַטכנט עפּעס מער?

דערווייל האָט גאָט געהאָלפֿן טאָמאַס שאַך —
איז אויפֿגעריכט געוואָרן אויף דער נייער וואַך.
איז ווי ער האָט דאָס ביסל מינץ דערטאַפּט
האָט ער צו מאָוזן זיך אַראָפּגעכאַפּט
צו אויסלייזן דאָס גוטע העמד. איז טאָם
מיט גרויס אָפּלאָמב אַריין אין מאָוזעס קראָם
און איידער מאָוז האָט נאָך געעפֿנט ס׳מויל
איז טאַמאַס שוין געשפּרונגען ווי אַ גומי־קנויל.
געדזשיגט אַהער, געדזשיגט אַהין, אַ ליד געברומט:
„דער גרויסער טאָג דערנעענטערט זיך, ער קומט, ער קומט.
„אָט רייט ער אויף אַ וואָלקן, און דער וואָלקן איז רויט,
„דעם צדיק ברענגט ער לעבן, און דעם רשע טויט —
„דער גרויסער טאָג דערנעענטערט זיך, ער קומט, ער קומט״.
האָט מאָוז געטראַכט: אַ שמחה אויפֿן שאַך!
עס וועט אים כאַפּן שוין דער גרויסער בראַך.
דערווייל איז טאָם ניט איינגעשטאַנען אויף אַן אָרט.
אָט, דאַכט זיך, איז ער דאָ, אָט איז ער דאָרט.
ער טאַנצט אַרום איבערן קראָם, דער יונג,

און ס'ציטערן די ווענט פֿון זונג און שפּרונג.
דער שאַך פֿאַרויס און הינטן לויפֿט דער מאָוז
דערציילט דעם אמת פֿונם האַרץ אַרויס;
די מעשה איז אַ קורצע — שיין און פֿיין:
די מאָל האָט זיך פֿאַרקליבן אין דעם העמד אַריין
און אָנגעמאַכט אַ חורבן, לאַך אויף לאַך —
(און פֿלינק אַריינגעפּלאַכטן: אַזוי לעבסטו, שאַך!)
צום גליק, האָט ער זיך, מאָוז, אין צייט געכאַפּט
און האָט אַ קונה פֿאַר דעם העמד דערטאַפּט.
דאָ האָט זיך טאָמאַס ראַפּטאָם אָפּגעשטעלט,
ווי ס'וואָלט אים אָטעם פּלוצים אויסגעפֿעלט.
מען האָט געזען בחוש: זיין הויט ווערט בלייך,
איין פֿוס, פֿון דזשיג, פֿאַרגליווערט אין דער הויך.
און דאָ האָט מאָוז אַביסל אים געטרייסט,
אַ ביסל אים געמוסרט: אָט וואָס הייסט,
אַ ניט געזעצטער מענטש, אַ מענטש וואָס נעמט,
פֿאַרזעצט אַ זיידענע אַ גוטע העמד,
און ניט מען הערט און ניט מען זעט פֿון אים צומאָל —
נאָר וואָס איז דאָ צו מאַכן? מאָל איז מאָל.

דעם זעלבן אָוונט מיט געבראָכענעם געמיט,
איז טאָם אין קירך געזעסן מאָט און מיד.
דאָס מאָל פֿאַרשפּיליעט שוין אויף אַלע קנעפּ,
די ברידער זיינען זיך געזעסן מיט געבויגענע קעפּ,
דער רעווערענד האָט געצויגן מאָנאָטאָן און לאַנג,
און טאָמען איז געוועזן נודנע־באַנג.
אין האַרצן האָט געגנאָגט דאָרט און געקלעמט,
און פֿונם זין אין ניט אַרויס דאָס העמד.
האָט טאָמאַס ניט געקוקט אַהין, און ניט אַהער,
די אויגן אינם בוך פֿאַרלאָפֿן מיט אַ טרער.
נאָר ווען מען האָט זיך אויפֿגעשטעלט אַהיים צו גיין —
האָט ער דערזען ווי דזשאָרדזש טשירעט מיט די ציין,
און ס'האָט אַ שלאָג געטאָן דער רויטער פּאָס.
איז טאָם געוואָרן ווי פֿאַרצאַפּלט בלוי און בלאַס,
נאָר איידער וואָס, איז שוין פֿון דזשאָרדזשן ניט געוואָרן

און טאָמאַס איז געבליבן איינזאַם מיט זיין צאָרן.
ערשט דאָ האָט ער דערגראָבן זיך צום סוד:
אַז ניגער דזשאָרדזש האָט אים געפירט אין באָד.

איז ער אַוועק אין שענק מיט זיין פאַרביטערט האַרץ —
איז מרה־שחורהדיק געווען די וועלט, און שוואַרץ.
די ברידער האָבן טאָמאַסן אַזש ניט דערקענט —
אַזוי רחמנותדיק און נעבעכדיק פאַרקלעמט.
האָט עס גענומען ניט איין איינציק גוטן טרונק
אַריינצוזעצן שאַרפן פעפער אין דעם יונג.
די מרה שחורה צו אַרויסטרייבן פון זיך
און ווידער זען די וועלט אין ראָזן ליכט.
ערשט דאַן האָט זיך זיין מויל געעפנט פון דאָס ניי,
האָט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם און דערשפּירט זיך פריי.
האָט ער זיך ברייטלעך, פייערלעך צעפלאַמט
אויף מענטשנס אומגערעכטיקייט וואָס ברענט און סמט,
אויף מענטשנס פאַלשקייט און געמיינהייט, אייגננוץ
וואָס צאָלן אָפּ מיט שטיינער אַנשטאָט גוטס.
און באַלד דערויף, און גאָרנישט לאַנג געטראַכט
אַריבער צו אַ פעפּערדיקן וויץ, געלאַכט,
געחוזקט פונם רעוורענד אין די קני געפּאַטשט,
דער עולם האָט פון לאַכן שיעור געפּלאַצט.
געקלונגען מיטן לעצטן זילבער אין די הענט —
דעם פרייז פאַר דעם אין רויט געשטרייפטן העמד.

און שפּעטער, ווען דער שענק האָט זיך פאַרמאַכט
האָט טאָמאַס זיך געשלעפּט אין שוואַרצער נאַכט.
די ערד האָט זיך געוויגט ווי וואַסער פאַרן ווינט,
און טאָמאַס האָט געפירט מלחמות מיט די הינט.
געגאַנגען וואַקלדיק, געפאַלן פון די פיס,
זיך אויסגעהיט פון גריבער, ווי עס איז.
געגאַנגען און געזונגען, געגאַנגען און געברומט:
„דער גרויסער טאָג דערנענטערט זיך, ער קומט, ער קומט.
„אָט רייט ער אויף אַ וואָלקן, און דער וואָלקן איז רויט.
„דעם צדיק ברענגט ער לעבן, און דעם רשע טויט”.
מאַי, 1921.

א

## הונגער

דער הונגער האָט אים אָנגעהויבן בייסן —
צוערשט געפּלאָגט פון מורא און חרטה,
האָט טאָמאַס ניט געוואָגט זיך צו באַוועגן,
געלעגן מיטן קאָפּ און בויך צונויפגעקנייטשט,
פאַרשאַרט מיט טויטע בלעטער און מיט צווייגן:
די שאַרפע אויערן געשפּיצט ווי ביי אַ הונט,
געציטערט ביי דעם קלענסטן שאָרך פון וואַלד.
נאָר וואָס אַמאָל האָט זיך געשטאַרקט דער הונגער,
און טאָמאַסן געטריבן פון באַהעלטעניש.
דער שוואַרצער קאָפּ מיט קורצגעשוירן האָר,
האָט אָנגעהויבן אָפּטער זיך אַרויסשטעקן
פון געלבלעך גרינלעך שאָרכנדיקער דעק,
די אויגן זיינען שוין געווען ניט ראָז,
נאָר בלוטיק־רויט, געקראָכן פונם קאָפּ.
דאָס פּנים קרום, ניט גלאַנציק שוואַרץ, נאָר גרוי,
מיט בלאַנקע ווייסע שטעכעדיקע ציין —
האָט אויסגעזען דער קאָפּ ווי פון אַ חיה,
אַ חיה פון אַן אומבאַקאַנטן מין.

צום גליק זיינען געשטאַנען לינדע טעג,
ווי ס'גיט זיך איין אַמאָל אין מיטן ווינטער;
עס האָט זיך וואו־ניט־וואו געוויסט דער שניי,
און ס'האָט אַ ווינטערדיקע מילדע זון
געוואַרעמט דורך די טעג די הוילעביימער,
די טויטע דאַרע צווייגן אויפן גרונט,
און טאָמאַסעס באַהעלטעניש אין גראָבן.
עס זיינען וועווערקעס אַרומגעשפּרונגען,

זיך אָפּגעשטעלט צו קוקן אויפֿן קאָפּ —
נאָר צוגיין נאָענט צו טאָמאַסן — דאָס ניט.
ביי גוטע פֿרייע אומשטענדן — וואָלט טאָמאַס
געמאַכט זיי טאַנצן אויף די פּליצעס זיינע —
נאָר דאָ, ווי אויף להכעיס, ניט פֿון פֿלעק.
ער האָט פּרובירט זיי מאַניען מיט די הענט,
גערופֿן זיי מיט אַ פֿאַרשטיקטן קול,
געשמוצערט מיט די ליפּן, נאָר די ווערקעס
זיי האָבן זיך דאָס מאָל פֿאַר אים געהיט.
קען זיין ס׳האָט זיי געשראָקן פֿאַרן קאָפּ אָן קערפּער,
קען זיין, פֿון אומנאַטירלעך הייזעריקן קול,
פֿון מערדערישן גלאַנץ פֿון זיינע אויגן —
נאָר ווי עס זאָל ניט זיין — די קליינע שטיפֿער
זיי האָבן זיך געהאַלטן פֿון דער ווייטן,
פֿאַריסן הויך די גרויע דיקע עקן,
געשפּרונגען און געקלעטערט אויף די ביימער,
און חנעוודיק געשפּילט: און ס׳האָט דער קאָפּ
זיך איינגעפֿרעסן אין די גרויע פֿעלכלעך
מיט בלוט־פֿאַרלאָפֿענע און טעמפּע אויגן.

נאָר אויפֿן דריטן טאָג פֿון זיין באַהעלטעניש
האָט טאָמאַס ניט געקענט מער איינליגן:
עס איז געווען ווי אַ בייזער הונט
וואָלט זיך געהאָט פֿאַרקליבן אין זיין אינגעווייד,
און ס׳האָט דער הונט געגריזשעט מיט די ציין,
געדראַפּעט זיך מיט קופּער־שאַרפֿע נעגל,
געריסן שטיקער לעבעדיקערהייט.
דער הונט האָט אים געטריבן פֿונם וואַלד —
האָט טאָמאַס אָפּנאַרן געוואָלט דעם הונט:
גענומען אים פֿאַרשטאָפּן ס׳מויל מיט בלעטער,
מיט פֿייכטע וואָרצלען, שטיקלעך דאַרע צווייגן —
דער הונט, אָבער האָט ניט געלאָזט זיך נאַרן.
צוערשט האָט ער זיך איינגעשטילט אַ רגע,
נאָר אַז ער האָט דערשפּירט די ביטערניש,
די זויערלעכע קאַלטע ביטערניש,

וואָס האָט זיך פּראָסטיק, סמעדיק געגליטשט
אין זיין פאַרשרפֿהטן צעגליטן האַלדז —
ווי קאַלטע פּליסיקייט אויף הייסן קאַלכשטיין —
איז ער געוואָרן ווילדער און צערייצטער,
גענומען דראַפּען העכער זיך צום האַרצן —
און טאַמאַס האָט געמוזט אים נאָכגעבן,
ער האָט געוואוסט, דער הונט טרייבט אים צום טויט:
אַז ווי ער שטעקט אַרויס אַ פוס פון וואַלד,
וועט מען אים פּאַקן ווי אַ בייזע חיה;
און אויך האָט ער געוואוסט, אַז אויף רחמנות
באַדאַרף ער זיך אַפילו גאָרניט ריכטן;
אין בעסטן פאַל וועט ער דורכן געזעץ
פאַרמשפּט ווערן הענגען ביי דעם האַלדז —
נאָר אָפּשטעלן האָט ער זיך ניט געקענט:
דער הונגעריקער הונט האָט אים געטריבן,
און טאַמאַס האָט געפאָלגט — און איז געגאַנגען.

## ב

## גערעכטיקייט

... אין גרויסן זאַל פון דעם געריכט־הויז
איז זיך דערווייל געגאַנגען דאָס געריכט.
ס׳איז ענג געווען, געפּראָפּט, דערשטיקט צו ווערן.
מען האָט דערווייל געהערט ניט־נויטיקע משפּטים:
אַ טאַטע האָט געקלאָגט אַ זון פאַר שלאָגן,
צוויי פאַרמערס האָבן זיך געלאָדן איבער פעלד,
אַ יונגערמאַן האָט מען געכאַפּט מיט בראָנפן.
דעם עולם איז געווען לאַנגווייליק;
דער אַלטער ריכטער מיט די פרישע באַקן,
מיט גרויע גלאַטע האָר און פרישע ציין,
האָט גאָרנישט זיך געאיילט. ער איז געזעסן
געלאַסן, רואיק אין זיין ברייטער שטול,
געשפּילט זיך מיטן קייטל פון זיין זייגער,
געבלאָנדזשעט מיט די אויגן צונ׳ם באַלקן,

זיך אָפּגעשטעלט אַ רגע אויף די ווענט,
וואו ס׳זיינען שטיל און צוטרוילעך געהאַנגען
די פּאָטערס פון דער גרויסער רעפּובליק:
דזשאָרדזש וואַשינגטאָן און דזשעפערסאָן און לינקאָלן,
און גוטמוטיק און לייכט צו זיי געשמייכלט.
עס איז געווען שטיל. מען האָט גערעדט
אין האַלבן קול. עס האָבן פלינק געקריצט
די פּעדער פון די שרייבער אויף פּאַפּיר,
און ס׳האָט דער אַלטמאָדישער הויכער זייגער
פּאַשלאָפן אויסגעקלאַפּט: טיק־טאַק, טיק־טאַק.

נאָר ווי מען האָט דעם טאָם אַריינגעפירט —
איז מיטאַמאָל געוואָרן אויפגעריכט דאָס הויז.
די שלעפעריקע ווייכע אויגן פון המון
זיי זיינען פּלוצים אויפגעלעבט געוואָרן
מיט קאַלטן שאַרפן דראָענדיקן לעבן.
ס׳האָט אויסגעזען, ווי ס׳וואָלט פון יעדן אויג
געצויגן זיך אַ שאַרפער דינער שפּיז,
וואָס האָט געשטאָכן זיך אין נעגערס גלידער,
געגליט אים און געברענט דעם שוואַרצן לייב.
עס האָבן ציין פאַרקלאַפּט זיך ביזן ווייטיק,
דערפון זיינען די פּנימער אַרויסגעקומען
פירעקעדיק און שאַרף ווי אויסגעהאַקט
מיט דינע פעסטע שטיין־פאַרהאַקטע מיילער.

מען האָט דעם נעגער צום געריכט געבראַכט
אין דעם, ווי מען האָט אים געכאַפּט אין פעלד.
דער בלויער פיינער אַנצוג אויסגעשמירט
מיט האַלב־פאַרטריקנטן נאַסן ליים און ערד,
אין מאָך, אין ווילדע שטעכלקעס פון וואַלד.
די שיך — פאַרשמירט, צעדרייט, צעקראַצט פון דערנער.
דאָס איינציקע וואָס האָט געהאַט אַ פּנים
איז נאָך געווען דאָס פיינע העמד פון זייד.
דאָס פּנים איז געווען גרוילעך־בלוי:
אַרום איין אויג האָט שרייענדיק געגליט

אַ בייל ווי אַ קולאַק די גרויס. דאָס צווייטע אויג
איז ווי אַרויטע און געיאָגטע מויז
אַרומגעלאָפֿן איבער ווענט און קעפּ,
זיך אָנגעקלאַפּט אָן דינע שאַרפֿע עגבערס,
און זיך קיין פּלאַץ געפֿונען וואו צום אָפּשטעלן.

נאָר ביסלעכווייז איז ער צו זיך געקומען,
באַקוועם זיך איינגערואיקט אין זיין זיץ:
דער משפּט איז געגאַנגען שנעל: מען האָט
געקליבן די געשוואָרענע: עס האָט
געטראָגן זיך אין זאַל אַ שטילער זשומען,
דער אַלטער ריכטער האָט גערעדט געלאַסן;
און טאַמאַס האָט אַ רגע זיך פֿאַרגעסן,
איז ווי פֿאַרשלעפּט געוואָרן מיטן שטראָם,
האָט נייגעריק באַטראַכט אַ יעדן קער
פֿון איטלעך צוגעקומענעם געשוואָרענעם,
געפּרואווט אַריינקוקן אין יענעמס אויגן.
זיין בליק האָט פֿיבעריש און פֿלינק געאַרבעט,
האָט אָפּגעשטעלט זיך דאָ און דאָרט אויף מענטשן,
מיט וועלכע ער פֿלעגט גינען זיך צו וויצלען,
דער, יענער, פֿלעגט אים אָנפּאַטשן אין פּלייצע
פֿאַר זיינעם אַ שאַרף ווערטל, אַ המצאה —
און ס'איז אים פֿאַרגעקומען ווי אַ בייזער חלום.
ער האָט זיך, ווי אַ זייטיקער פֿאַרקלערט,
אַז אייגנטלעך פֿאַרשטייט ער נישט דאָס רעכט,
וואָס מענטשן נעמען זיך אין קאַלטן מוט
פֿאַרמשפּטן אַ מענטשן צום טויט.

נאָר ווען דאָס אויג זיינע האָט אָנגעטאַפּט
די שטאַלענע און עגבערדיקע בליקן;
און אַז עס האָט זיך פֿון דער גאַס דערטראָגן
דאָס בייזע שווערע אומגעדולדיקע גערויש,
זיך אָנגעשלאָגן אָן די ווענט פֿון הויז
ווי מיט אַ קאַלטער שטורעמדיקער כוואַליע —
האָט פּלוצים אים אַ ברען געטאָן אין מוח:

אַז דאָס איז ער, ער, טאָמאַס, וועלכער זיצט
און קוקט אין אומפאַרמיידלעכן און שוואַרצן סוף,
אַז דאָס וועט ער באַצאָלן מיט דער פעל.
האָט אים דער מוראדיקער אַנגסט באַשלאָגן,
און ווייסע טראָפּנס שווייס, ווי גרויסע אַרבעס,
גערונען האָבן פון דעם שוואַרצן פּנים;
דאָס יונג און קאָכיק בלוט האָט ווי געשריען:
ער האָט געפילט צו אויספּלאַצן אין אַ געברום,
צו קלאַפּן זיך דעם קאָפּ אָן האַרטן שטיין, —
נאָר ווידער האָט זיין אויג אַ בליק באַגעגנט,
און ס'איז אים קלאָר געוואָרן פון דאָס ניי,
אַז אַנדערש קען ניט זיין, און וועט ניט זיין.
דאָס איינציק אויג האָט זיך צולעצט באַרואיקט,
געבליבן שטיין אויף לינקאָלנס פּאָרטרעט,
זיך איינגעגעסן אין צעקנייטשטן פּנים,
און זיך עקשנותדיק צו אים געקלאַמערט,
געוויינט פון טיפן האַרצן: פאָטער לינקאָלן,
האָב דו רחמנות אויף אַ בלודנעם ניגער!

.1922

# אינהאַלט:

### פֿערטער קאַפּיטל



### זעקסטער קאַפּיטל



### זיבעטער קאַפּיטל



### אַכטער קאַפּיטל



## דזשאַן



## דזשאָו

## קענטאָקי



## דזשאָרדזש וואַשינגטאָן



## דאָס זיידענע העמד



## דער סוף פֿון טאָמאַסן